# מ. נאדיר





קאמפ.־פארלאג
„קולטור־ליגע“

מ. נאַדיר

# פון מיר צו דיר

הומאָרעסקן

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור-ליגע“
קיעוו—1927

# מיין ערשטער ראָמאַן.

## פאָרוואָרט און וואָרנונג.

דאָס, וואָס איך גיי אייך דאָ דערציילן, איז ניט קיין עמעסע מאַיסע, נאָר אן אויסגעטראַכטע. וואָס אַרט מיך, אַז איר וועט מיינען, אַז איך קען מיט מיין אייגענעם קאָפּ אויסטראַכטן מי־יודייע וואָס פּאַרא מאַיסעס.

אין דערדאָזיקער מאַיסע, זאָג איך פאָרויס אָן, וועט זיך דערציילן וועגן אַן ערשטער ליבע, וואָס דאָס איז אַן און פאַר זיך ניט ניי און ניט זייער אינטערעסאַנט.

הימל, דו ליבער! ווער האָט שוין ניט געשריבן, באַשריבן, באַזונגען און דערציילט אין אַזויפיל און אַזויפיל קאַפּיטלעך די ליידן און די פריידן פון זיין ערשטער ליבע!

און די וועלט איז דאָך שוין אזוי אַלט!

און זי האָט דאָך שוין געהערט אזויפיל מאָל דערציילן וועגן ליבע און פּאַרליבטע, וועגן ליבעס גליקלעכע און אומגליקלעכע, וועגן ליבעס, וואָס ענדיקן זיך מיט א כופּע, און וועגן ליבעס, וואָס ענדיקן זיך מיט קאַרבאָל און רעוואָלווערן און ראַזירמעסערס.

האָט שוין די וועלט, אלזאָ, דאָס אַלצדינג געהערט.

איז אָבער א גליק, וואָס מיין ליבע האָט זיך פאַרלאָפן מיט א צוועלפיעריק אינגל. און געליבט האָט ער ניט אליין, נאָר בעשוטפעס מיט נאָך פינף כאַווײרים, וואָס דאָס איז שוין, דאַכט זיך מיר, א קאַפּעלע אנדערש פון די אַנדערע ראָמאַנען.

אויך וועט זיך דאָ, אין דערדאָזיקער מאַיסע, דערציילן, ווי אזוי און מיט וואָסערע מיטלען זעקס גאַליצישע כיידער-אינגלעך, וואָס שפּילן א ליבע, זוכן זיך צו דערנעענטערן צום שטיי-נערנעם האַרץ פון זייער געליבטער, וואָס מע רופט זי סור-טשע און וואָס טראָגט ווייסע העניטשקעס.

דידאָזיקע דערציילונג, ווייל איך וואָרענען מיינע לעזער, איז ניט געשריבן מיטן צוועק צו באַלערן און אויסצובילדן ווען עס איז. דער ראָמאַן באַזיצט אויך ניט די אייגנשאַפט אייך אופצוהייבן און אוועקטראָגן אין בעסערע וועלטן. איך האָב פיינט צו נעמען פרעמדע מענטשן און זיי אופהייבן. איך האָב אַמאָל געקענט א אידן, וואָס אַ געוויסער ראָמאַן האָט אים אופ-געהויבן אזוי הויך און אַוועקגעטראָגן אַזוי ווייט, אַז זיין ווייב זוכט אים אַרום ביז היינטיקן טאָג. ער איז פאַרשוואונדן. ער איז ניטאָ. ס'הייסט, ער איז יאָ דאָ, נאָר ניט אינדערהיים און ניט בּאַ זיין ווייב, נאָר באַ אַ פרעמדער.

און דאָס איז אלץ צוליב א געלונגענעם ראָמאַן.

מיין ראָמאַן איז געשריבן מער פאַר זיך אליין, ווי פאַר עמעצן אַנדערש. עס איז, אַזוי צו זאָגן, א היימישער ראָמאַן, פאַר היימישע עטלעכע מענטשן, וואָס קענען מיך פערזענלעך און טוען מיר די טויווע און לעזן מיינע ווערק.

אויב איר זיינט איינער פון יענע און אויב איר האָט ניט קיין בילכערס מיט וואָס צו פאַרנעמען אייער ליידיקע צייט, און אויב ס'איז אייך גרינג אפן האַרצן, דאַן זעצט זיך אַוועק און לייענט די באַשרייבונג פון א אינגל און פון א מיידל און פון אַ ליבע, וואָס איז געשפילט געוואָרן ערגעץ אין גאַליציען אין א פאַרוואָרפן שטעטל, וואָס ווייניק מענטשן קענען עס און ווייניק מענטשן ווייסן עס.

## קאַפּיטל א.

א שטעטל, וואָס סע מעג דארוף קומען א בראָכע פון גאָט.—זעקס יונגע פלאַטאָנישע ליבהאָבער.—ווייסע בלאָטעס און ווייסע מענטשן. א וואָסערל, וואָס צעשפילט זיך, און אידן, וואָס שווימען נאָזנדיק.— פעלדער און אנדערע שיינע זאַכן.

דאָס שטעטל, וואו סע האָט אַמאָל באַדאַרפט שטיין מיין וויג און סע איז אַנשטאָט דעם געשטאַנען אַ קליין קויבערל, דער-פאַר ווייל מיין מאַמע האָט זיך ניט געקענט פאַרגינען אַזאַ לוק-סוס, ווי אַ וויג, — דאָסדאָזיקע שטעטל ליגט ערגעץ אין אַ פאַר-וואָרפן ווינקל אין גאַליציען.

קיין טייך איז בײַ אונז אין שטעטל ניטאָ, דערפֿאַר איז אָבער דאָ א שמאָל געלבלעך וואַסערל, וואָס קומט שלעפעריק צו קריכן דורך די האָפֿן־גערטנער און שליאָנדערט זיך פֿאַמע־לעכן אַוועק ביז צום צופוסנס פֿון א ווייסן בארג — דאָרטן דרייט זיך עס אויס און ווערט נעלעם — מע ווייסט ניט וואוהין...

זומער קריכט דאָסדאָזיקע וואַסערל לאַנגזאַם און שפּילט זיך מיט די דונערשטיינדלעך, וואָס ליגן אין זײַן בעט. פֿון צייט צו צייט זעט מען דאָרט שווימען אַ שורע קאַטשקעס, לויפּנ־דיק נאָך אַ ווערבע־בלעטל, וואָס שווימט פֿונויבן. אַמאָל זעט מען דאָרט שטיין אַ שיקסע אַף דער קלאטקע, וואָס פּראַלעט וועש מיט אַ הילצערנעם פּראַלניק, און אַמאָל זעט מען אַ אידיש מיידל מיט אַ פענצטער, וואָס זי האָט אַראָפּגענומען פֿון די זאַוויעסעס און האָט עס אַוועקגעטראָגן צום וואַסער אויסוואַשן.

דערדאָזיקער פּאַס וואַסער — ער רופט זיך אין אונזערע מע־קוימעס ריקע — ווערט באַם ערשטן פֿרעסטל אויסגעפֿרוירן, אַז מ׳ווייסט ניט, וואו סע איז אהינגעקומען. דאָסדאָזיקע וואַסערל איז אזוי ניט טיף, אַז שווימען אפֿן בויך איז אומעגלעך — אַפּילע פּאַר קינדער. דערפֿאַר טרעפֿט איר בײַ אונז אין שטעטל אַסאַך אידן, וואָס קאָנען נאָר שווימען נאָזנדיק — אפֿן רוקן, הייסט עס, און ווען איר זאָלט כאָלילע צוגיין צו זיי בעאייס זיי שווי־מען אַזוי אין דער ריקע צווישן צוויי גערטנער און זיי אי־בערקערן מיטן פּאָנים אַראָפּ, וואָלט כאָלילע געשען ס׳גרעסטע אומגליק.

עס איז א קליין, בלאָטיק, אומעטיק, דערשראָקן, אָפּגעלאָזן און האַרציק שטעטעלע. זאָל דערוף קומען א בראָכע אום זומער, און אַ קלאָלע אום ווינטער. פֿאַרוואָס אַ קלאָלע אום ווינטער? דערפֿאַר ווייל ווינטער האָט זיך אָנגעהויבן מײַן, אָדער ריכטי־קער געזאָגט, אונזער ערשטער ראָמאַן, וואָרום אין מײַן ערשטן ראָמאַן, ווי אייך וועט שפּעטער באַקאַנט ווערן, בין איך כאָלילע ניט געווען קיין „עלנטער פֿאַרליבטער״. וואָס־וואָס, אָבער עלנט בין איך ניט געווען. אַדעראַבע. אײַנײַנעם מיט מיר האָבן זיך אין מײַן ערשטן ראָמאַן, מיט מײַן וויסן, באַטייליקט א 5—6 פֿלאַ־

טאָנישע ליבהאָבער, אַלע מיט קליינע זשופּיצלעך, אָדער בורנוסלעך, קיילעכדיקע היטעלעך, און געקרייזלטע פּייעלעך, ווי פלעשעלעך.

אָבער לאָמיר צוריקגיין צום שטעטל. אויב מע קען מיט אַן עמעסן זאָגן אף א שטעטל: אַז עס ליגט, קען מען דאָס זאָגן אף מיין שטעטל. עס ליגט און רירט זיך ניט. עס ליגט און באַוועגט זיך ניט. עס ליגט, און אַזוי, ליגנדיקערהייט, שלאָפט עס אָפּ די יאָרן צווישן הויכע בערג פון ווייס-ליים, וואָס נעמען עס אַרום פון אַלע זייטן, ווי ווייסע הענט פון א קראַנקן גאָט.

ווייס זיינען די בערג, ווייס איז די בלאָטע און אויך די מענטשן באַ אונז אין שטעטל זיינען אַזעלכע ווייסע, צעשראָקענע.

דאָס נעמלעכע וואַסערל, וואָס רופט זיך ריקע, האָט נאָך צו אַלע מאַילעס אַ טעווע, אַז עס צעשפּילט זיך פון צייט צו צייט — בּיפּראַט אָנהייב פרילינג, ווען סע הייבט אָן צו שמעלצן און ס׳נעמט לויפן איבער די בערג, ווי פון געעפנטע אָדערן. דאַן צעשפּילט זיך די ריקע און הייבט אָן זידן, קאָכן, רוישן, שטורמען און זי ווערט טיף אָן אַ שיר — אַזוי טיף, אַז מע קאָן שוין אפילע שווימען אפן בויך.

אָט דאָס איז אַ קורצע באַשרייבונג פון מיין שטעטל, וואָס ליגט צווישן די קאַלך-בערג, און שלאָפט און כאָלעמט — דעם האָלעם פון ברויט מיט פּוטער, פון קאַווע מיט סמעטענע און אַנדערע העוולדיקע זאַכן, וואָס זיינען גוט פאַר קליינשטעטלדיקע, און גאָרניט שלעכט פאַר גרויסשטאָטישע מענטשן.

אַכוץ די ווייסע בערג, פאַרמאָגט נאָך אונזער שטעטל עפּעס, וואָס אַנדערע שטעטלעך פאַרמאָגן דאָס ניט — דעהאַינע: די האָפּנפּעלדער.

גאָט אַלמעכטיקער, גאָט געטרייער! ווי קיצלט נאָך מיינע נאָזלעכער אין דעם מאָמענט דער דופט פון די האָפּן, געמישט מיטן רייעך פון פרישן קאַלך און שוואַרץ-ווייסער ערד און פון יונגע ווערבע-ביימלעך און הוישאַינעס און קאַלינעס.

שיין, ליב, בלאָטיק שטעטל אין גאַליציען.

## קאַפּיטל ב.

מיין טאַטע פאַרט אוועק. — איך גיי אין כיידער אריין און לערן זיך אָנבלאָזן א קעלבל. — רעב כאַים שעכטער — א איד, וואָס טרינקט מינעראַל-וואַסער און שלאָגט די טאַלמידים. — דער טאָפּל-פּאַטש — רעב כאַימס דערפינדונג.

מיין טאַטע איז אוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע און מיין מאַמע האָט אים באַוויינט. און איך? פאַרשטייט זיך, איך האָב אויך געוויינט. און נאָך העכער פון דער מאַמען און אַף אַ קרעפּטי-קערן קאָל. דעם גאַנצן שאַבעס-צו-נאַכט פאַר זיין אָפּפאָרן האָבן מיר געוויינט — איך און מיין ליבע מאַמע. און דאן האָבן מיר אים, איניינעם מיט אַ מאַסע אידן און אידענעס, אַרויסבאַגלייט ביז דער ראָגאַטקע. און דאַן איז דער טאַטע אַוועק, און מיין האַרץ איז געוואָרן אַזוי שווער. ניין, ניט שווער, נאָר לייכט. גרינג ווי א פעדער. עפּעס האָט מען פונדאָרטן אַרויסגע-ריסן, און איך בין ארומגעגאַנגען אַ אינגל אָן אַ האַרץ.

האָט איר שוין געזעען א אינגל אָן אַ האַרץ?

פון דעמאָלט אָן פלעג איך זיצן מיט דער מאַמען אַף דעם שאָטנדיקן בערגל הינטער דער פּראָפינאַציע, קוקן אפן גרויסן, ליידיקן הימל און בייַנקען.

ניט ס׳האַרץ האָט געבייַנקט, נאָר — איך ווייס אליין ניט וואָס.

אַז איך פלעג ווערן מיד פון זיצן און קוקן אף דעם לייַ-דיקן ווייטן הימל, פלעג איך זיך אויסקערן מיטן פּאָנים צו דער ערד, צופּן די פעלד-בלימלעך, וואָס האָבן געוואַקסן אפן בערגל — געצופּט די ווייסע פעדערלעך פון דעם געלן קנאָפּ, געציילט: איינס, צוויי, דריי, הונדערט און — געבייַנקט.

און אינגאַנצן בין איך אַלט געווען ניט מער ווי צוועלף יונגע יאָר.

איז אַוועק דער זומער. אויסגעבייַנקט א זומער!

צו ווינטער האָט מיך די מאַמע אָפּגעגעבן צו רעב כאַים שויכעט אין כיידער אַריין — אין א מיעסן כיידער, צווישן גרויסע אינגלעך, ווי איך אליין בין געווען. און געלערנט האָבן מיר, ווי אזוי אָנצובלאָזן א קעלבל א געשאָכטנס, ווי אזוי אָפּצוציען א כאַלעף, ווי אזוי צו עסן געטריקנטע באַרן, וואָס די רעבעצן האָט דאָס באַהאַלטן אין א טאָפּ אפן בוידעם. אַלעס, אַלעס האָבן מיר געלערנט, אַכוץ דעם „שיר״. אכוץ דעם

„לאמר״ און אכוץ די עטלעכע שטיקלעך „ש״ך״, מיט וועלכע דער רעבּע האָט אונז געפּילעוועט און אין אונז געשטופּט קימאַט מיט גוואַלט.

כאַים שויכעט איז געווען א נידריק אידל, אין א געבּלימטן כאַלאַט, מיט א בּערדל, וואָס איז אראָפּגעוואקסן פון די וואָנ־צעס, און געלאָזן די שפּיץ מאָרדע קימאַט ווי אויסגעגאָלט. און א בּייזער — זאָל גאָט שוימער אומאצל זיין. איז ער אריין אין קאַס, האָט ער געהאַט אַ פּאָרטעל צו געבּן אַ פּאַטש מיט א קניפּ צוזאַמען, אָדער צו געבּן א בּריק הינטערן טיש און דיר טרעפן מיטן פוס גלייך אין האַרץ ארייַן (א גליק, וואָס איך האָבּ ניט געהאַט קיין האַרץ!), אָדער אַז ניט, האָט ער דיר דערלאַנגט אי־בּערן קאָפּ מיט א שאַכטל פון כאלאָפּים.

זיין קאַס, זיין שלעכטקייט, ווי איך האָבּ שפּעטער אויסגע־פונען, איז געקומען ניט אזוי פון א שלעכטער נאַטור, ווי פון א שלעכטער פּאַרדייאונג. א סימען האָבּ איך געהאַט, אַז ער פלעג אַלעמאָל טרינקען וואַסער פון ווארעם־בּאָד שפּרודל. איז געווען אזוי: האָט ער געהאַט שפּרודל־וואסער צו טרינקען, איז געווען מיט כעסעד, איז אָבּער אויסגעגאַנגען דאָס וואַסער פון די פלעשער, איז מען ניט געווען זיכער מיטן לעבּן.

אונזער רעבּע רעבּ כאַים איז געווען א בּייזער, האָבּן מיר אים ניט ליבּ געהאַט, אָבּער שטאָלץ זיינען מיר געווען, וואָס מיר זיינען זיינע טאַלמידים — שטאָלץ דערפאַר, ווייל רעבּ כאַים איז געווען בּאַקאנט אלס דער בּעסטער מעלאַמעד אין שטעטל. און דער גרעסטער היצל. מיט דעם לעצטן האָבּן מיר זיך גע־גרויסט, ווי עמעסע שטילע מאַרטירער.

## קאַפּיטל ג.

איך בּין פּאַרליבּט.—א מיידל מיט העניטשקעס. איז זי שיין?— קלינגען אפן גלעקל — א סגולע צו ליבּע.—און עפּשער ניט? וואָס טוט מען?

האָבּ איך זיך פּאַרליבּט אין סורטשען?

ווער איז געווען סורטשע?

די סורטשע, אָדער סאָרעלע, איז געווען אַ מיידעלע פון א יאָר 14, מיט הויכע קנאַפּל אף די שיך, א בּלויע סטיינגע אין

די האָר און האָט געטראָגן העניטשקעס, סיי ווינטער, סיי זומער.

איז זי געווען שיין? דאָס האָב איך באַשטימט ניט געקענט זאָגן. וואָס הייסט שיין? שיין הייסט, אַז מ'האָט אַ ווייס פּריציש פּאָנים, ווי דעם פּאָסעסאָרס טאָכטער. זי האָט אָבער דאַפקע ניט געהאַט קיין ווייס פּאָנים, נאָר אַ ר ו י ט ס, אַ קיילעכדיקס, אַ פולס, — האָב איך ניט געוואוסט, צי איז זי אַ שיינע.

נאָר שיין, צי ניט שיין, — העניטשקעס האָט זי געטראָגן. ווייסע, פריצישע העניטשקעס — און דאָס איז געווען גענוג, איך זאָל זיך אין איר פאַרליבן, און איך האָב זיך טאַקע אין איר פאַרליבט. שווער פאַרליבט, שטערבלעך פאַרליבט. אומשטערבלעך פאַרליבט. מיין גאַנצע נעשאָמע איז געוואָרן אַ שטיק גליענדיק פייער, און דאָסדאָזיקע פייער האָט געבּרענט און געבּרענט און איז ניט פאַרברענט געוואָרן. טאָג און נאַכט, אין שול, ווי אין כיידער, אינדערהיים און אין קלויז, פלעג איך נאָר טראַכטן פון סורטשען און פון סורטשעס העניטשקעס.

די שול?

דאָס איז געווען די פּוילישע שקאָלע ניט ווייט טאַקע פון סורטשעס וואוינונג. אַזוי גיך ווי מיר איז קלאָר געוואָרן, אַז אָן סורטשען קאָן איך ניט לעבן, איז מיין וועלט ניט קיין וועלט — האָב איך אָנגעהויבן פלייסיקער גיין אין שקאָלע אריין. פאַרבייגייענדיק סורטשעס הויז, פלעג איך זיך אָפּשטעלן אַף אַ רעגע, אַ קוק טון אַף סורטשעס פענצטער און אַנטלויפן מיט אַ פול האַרץ מיט פרייד.

שפּעטער אַביסל האָב איך געבעטן מיין שול-לערער, אַז ער זאָל מיך לאָזן קומען יעדן פרימאָרגן ציען ס'גלעקל „דאָ שקאָלע" — קלינגען, הייסט עס. דער טאַאַם דערפון איז געווען, אַז טאָמער וועט סורטשע אָנקומען און מיך זען, ווי איך שטיי אַזוי פאַרטאָג איינער אליין און צי דאָס שטריקל פון שול-גלאָק, וועט זי מוזן אָנערקענען, אַז איך בין ניט קיין פּאָשעט אינגל, און אַז אַזעלכע אינגלעך דאַרף מען אָפּגעבן קאָוועד. דאַרף מען רעספּעקטירן. דאַרף מען זען צו געווינען פאַר זיך.

אָבער אומזיסט איז געווען מיין האָפענונג. ווי באַ אַלע אומגליקלעכע פאַרליבטע, זיינען ס'ראָוו פון מיינע פּלענער צע-

רונען געוואָרן, ווי שניי אף דער הייסער זון. און אָפּציענדיק אַזוי ס׳גלעקל אַ מעשעך פון צוויי כאַדאָשים טאָג איין און טאָג אויס, און ניט באַמערקנדיק קיין שום ענדערונג אין סורטשעס באַציאונגען צו מיר, האָב איך באשלאָסן, אַז פון קלינגען אין שקאָלע אַריין וועט גאָרניט זיין, און אַז מע דארף זוכן בעסערע פּאָרטלען, ווי אַזוי צו דערגרייכן סורטשעס האַרץ.

## קאַפּיטל ד.

העשעלע — אַ אינגל, וואָס דוצקעט זיך ווי אַ קו.—העשעלע מאַכט פּייפעלעך און איך — מאַך אַן ערקלערונג.—זעקס אינגלעך און איין מיידל.—פּלאַטאָנישע ליבעס און פּלאַטאָנישע שמועסן.—איך דוצקע זיך אויך.

צווישן די זעקס טאַלמידים באַ רעב כאַים שויכעט אין כיידער איז געווען איינער מיטן נאָמען העשעלע. העשעלע איז געווען אַ יאָדרעוודיק אינגל, אַ קליינס און אַ רירעוודיקס, ווי אַ וועווריקל, און האָט געהאַט אַ טעווע צו דוצקען זיך מיטן קאָפּ, ווי אַ קו. אכוצדעם, איז ער געווען אַ מאזיק א יונג. וואו מע האָט אים ניט געזייט, איז ער אויסגעוואָקסן און וואו ער איז אויסגעוואָקסן, האָט מען אים געשניטן—געגעבן קלעפּ, הייסט עס, וואָרום שלאָגן העשעלען איז באַטראכט געוואָרן קימאט ווי אַ מיצווע. כאָטש גאָט ווייסט דעם עמעס, אַז דערדאָזיקער העשעלע איז נעבעך געווען אַ גאנץ וואויל אינגל און אַ גרויסער מאַיסטער אף צו מאכן גרינע פּייפעלעך פון ווערבענע צווייגלעך. איך מיט העשעלען זיינען גוט באַפריינדעט געווען. דאָס, וואָס ער האָט זיך געדוצקעט, האָט מיך נאַטירלעך פאַרדראָסן, ניט אַזוי ווייל ס׳האָט וויי געטון, נאָר מער דערפאַר, וואָס ס׳איז ניט שיין פאַר א געמאָרע-אינגל. סע פּאַסט ניט. אָבער שפּעטער האָב איך זיך דערצו צוגעוואוינט און גענומען צוריקדוצקען. אויך מיטן קאָפּ און אויך ווי אַ קו, און דערמיט זיינען אונזערע באַציאונגען, אַזוי צו זאָגן, אויסגעגלייכט געוואָרן.

און אָט דעמדאָזיקן העשעלען האָב איך איינמאָל אין אַ שיינעם באַנאַכט, בעאייס מיר זיינען אומגעגאנגען באם וואסערל און געזוכט פּרוטקעס אף פּייפעלעך, פאַרטרויט דעם סאָד. דעם

שווערן, דעם ביטערן, דעם אומדערטרעגלעכן סאָד פון מיין נע-שאָמע, אז איך שפיל אַ ליבע מיט סורטשען.

העשעלע האָט מיך פיין אויסגעהערט, אַ מרוקע געטון פון פרייד, געגעבן אַ דוצק מיטן קאָפּ סטאַם אין דער וועלט אַריין און זיך אָפּגערופן, אַז... אַז וואָס מיינט איר? אַז ער איז צו איר אַליין אויך ניט גלייכגילטיק און אַז ער וועט גרויס ווערן, וועט ער מיט איר שפּילן אַ ליבע. נאָך מער, ניט נאָר ער אליין, נאָר אַלע אינגלעך פון רעב כאַים שעכטערס כיידער וועלן מיט איר שפּילן אַ ליבע — אַ ל ע.

דערהערט די רייד, איז מיר געוואָרן עפּעס אי אומעטיק, אי פריילעך און, ניט ווייסנדיק וואָס צו טון, האָב איך זיך אויך צעמרוקעט ווי אַ קו און אויך אַ דוצקע געטון מיטן קאָפּ. סטאַם אַזוי.

## קאַפּיטל ה.

זיינען מיר פאַרליבט? אויב יאָ, ווי אַזוי? — סורטשעס פלוימען-ביימל. — מיר היטן איר די נעשאָמע און — ס'איז ביטער.

דער ווינטער איז אָנגעקומען און מיט אים — די ווייסע נעכט. און מיט זיי די לאַנטערנעס, און דאָס אַהיים-גיין פון כיידער, און דאָס זינגען האָפּ-האָפּ א גוטע נאכט, און דאָס שליטלען זיך, און דאָס גליטשן זיך, און דער כיישעק צו טון עפּעס ווילדס, משוגענעס, פאַנטאַסטישעס, וואָס כאַפּט ארום געזונטע, קרעפּטיקע אינגלעך אין די לאַנגע, פרישע, ווילדע, ווייסע נעכט אין אַ פאַר-וואָרפן שטעטל, צווישן ווייסע קאלך-בערג.

דער סאָד פון מיין ליבע-שפּילן איז דערווייל — דורך העשע-לען — אריבערגערונען צו די איבעריקע כאַוויירים און דאָס האָט אונז איינגער פארבונדן איינס מיט אַנדערע. ביסלעכווייס-ביס-לעכווייס האָבן מיר זיך אַלע אויסדערציילט אונזערע הערצער און ס'איז צווישן אונז באשלאָסן געוואָרן, אז מיר זאָלן שפּילן די ליבע בעשותפעס, אלע אינאיינעם, וועט זיין זיכערער, אַז קיי-נער וועט ניט אויסזאָגן, קיינער וועט ניט דערציילן.

אָבער וואָס זיינען אונזערע פּלענער? ווי וויַיט גייט אונזער ליבע? ווי אזוי ליבן מיר? און וואָס פאר א פאָרמען זאָל אונ-זער ליבע אָנעמען? דאָס האָבן מיר ניט געוואוסט און אויך ניט

געדאיגעט וועגן דעם. פאר אונז איז געווען געננג, אז מיר שפּילן אַ שטילע ליבע מיט סורטשען אלע איינעם, כאַוורוסע, און מיר ריידן פון א י ר, און מיר קלערן וועגן א י ר און כאָלעמען וויל־דע כאַלוימעס וועגן א י ר און ס׳איז אונז גוט ווי די וועלט.

אַזוי זיינען אוועק א 3 ביז 4 וואָכן. דורך דער צייט פלעגן מיר יעדער באזונדער און אלע צוזאמען זיך דרייען באנאכט פאַרביי די פענצטער פון סורטשעס שטוב. געהערט, ווי ס׳מיאַו־קעט די קאץ — סורטשעס קאץ, און געווען גליקלעך. געהערט ווי ס׳רוישט אביימל אין גערטל — סורטשעס פלוימען־ביימל, און געווען גליקלעך. געזען, ווי ס׳פאלט א שטערן פון הימל איבער סורטשעס שטוב — סורטשעס שטערן, און געוואָרן אומעטיק. און אזוי האָבן מיר געפיבערט און איבערגעפיבערט פאַרשיידענע גע־פילן, וואָס זיינען געווען פרעמד און דערשרעקנד, ווי די ווייסע נעכט אף די קאלך־בערג, און ניט געוואוסט, מיט וואָס וועט זיך עס אָנהייבן, מיט וואָס וועט זיך עס ענדיקן.

## קאַפּיטל ו.

פרישע נעכט און יונגע אינגלעך.—אַ גרויסע אַסיפּע און דאָס קליי־נע אַסיפּעלע.—מיר שליסן אן אליאנץ אין ליבע און שווערן באַ ציצעס.—דער שרעקלעכער סאָד פאַרכאסמעט און אָנגעשריבן מיט קרייד און דאן — אָפּגעווישט מיט די אַרבל.

ס׳האָבן אָנגעהויבן שטעלן זיך שטארקע זאַווערוכעס. אַף די שטרוידעכער פון די הייזלעך זיינען געלעגן שווערע דעקן פון שניי, וואָס האָבן באַטאַג געפלימערט קעגן דער קאלטער ווינ־טערזון, און באַנאכט געפינקלט קעגן הימל, ווי עפּעס רעכטס. דאָס גאַנצע שטעטל איז זיך ווי פאַרקראָכן אין א נאָרע. איז אַ מענטש געגאנגען, האָט מען בלויז דאָס סקריפּען פון זיינע טריט געהערט, און אים אליין האָט מען עפּעס אָנגעקוקט, ווי אַ פאַר־בלאָנזשעטן. א פרעמדער מענטש מיט א גרויסן שאליק אַרום האַלז, ארום מויל, בלאָנזשעט, דאכט זיך, וועלט־איין, וועלט־אויס.

אַלעס איז געווען ווייס און פריש און בליק־ריין — אַזוי ווי אונזערע הערצער. די הערצער פון זעקס נארישע אינגלעך, וואָס ליבן בעשוטפעס אַ סורטשען.

איינמאָל אין אזא נאכט, ווען אין קלויז איז געווען עפּעס אַ גרויסע טומלדיקע אסיפע וועגן קאָהאָלשע איניאָנים — דוכט זיך, האָלץ פאַר אָרעמעלייט — זיינען מיר זעקס כיידער-אינגלעך זיך צונויפגעקומען ערגעץ הינטער דער גרויסער ספאָרים-שראנק פון קלויז, זיך אַוועקגעזעצט אַף אייליאָהו האַנאָווים שטול, וועלכער איז געשטאַנען ליידיק, און דאנעבן אופגעמאכט די גלאָז-טיר פון גרויסן אַלמער, דערמיט זיך אַביסל צו פארשטעלן פאר דעם אוי-לעם, און דאָרטן האָבן מיר אַרויסגענומען די ציצעס פון די אומ-ריינע לייבצודעקלעך און מיט קלאפּנדיקע הערצער, ווי גרויסע פאַרברעכער, און מיט דעם באוואוסטזיין, אַז מיר באגייען אַ גרויסע אַוויירע, האָבן מיר אלע געשוואָרן בא ציצעס, אז מיר שפּילן אַ ליבע מיט סורטשען, אונזער סורטשען. און קעדיי צו מאכן, אז די זאַך זאָל ניט ארויס אין דער עפנטלעכקייט, האָבן מיר אף אונזער קליינער אַסיפע, וואָס איז אָפּגעהאלטן געוואָרן אף דער גרויסער אסיפע, באשלאָסן צו ריידן ניט וועגן א י ר, ניט וועגן אַ ז י, וואָס דאָס קאָן ווארפן א כשאַד אַף אונזער נאָמען אלס ערלעכע אינגלעך, וואָס פאָלגן טאַטע-מאמע, נאָר ווי וועגן אַן ע ר, און קעדיי נאָך מער צו באפעסטיקן אונזער בונד, האָבן מיר אויך באשלאָסן, אז יעדער פון אונז זאָל מיט א שטיקל קרייד אָנשרייבן אף דער לינקער זייט פון וואנט פון ספאָרים-אלמער אן אָס פון ז יי ן — דאָס הייסט פון א י ר — נאָמען. זעקס אויסיעס, זעקס אינגלעך, זעקס פארליבטע האָבן מיר מיט גרויס ערפורכט און מיט ציטערדיקע הערצער, ווי מיר וואָלטן באגאנ-גען די גרעסטע אוויירע, אופגעשריבן דעם נאָמען ס-ו-ר-ט-ש-ע אף דער וואנט, צוריק אָפּגעווישט און אהיים געגאַנ-גען כאָלעמען כאַלוימעס.

## קאַפּיטל ז.

זי גייט נאָך פּאַרקעס.—עס ווערט אומעטיק.—מיר באשליסן נע-מען א קורס.—אַ מאיסע-ביכל, אָבער ס׳העלפט ניט.

ווי אזוי מיר זאָלן זיך דערנעענטערן צו א י ם—איז געוואָרן א פראגע, וואָס איז אונז קעסיידער געשטאַנען פאר די אויגן. סורטשע איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן שענער, ליבער, כאָשע-ווער. ווי א לעוואָנע, וואָס גייט אוף אלץ העכער אין הימל, איז

זי אופגעגאנגען אין מיין דימיען — גרעסער, לויטערער, בריליאַנטענער. יעדן ליבן טאָג פלעגן מיר זיך צונויפקומען אף דעם זעלבן, פאר אונז הייליקן פלאַץ, הינטער דער ספּאָרים-שראנק און זיך אָפּגעבן באריכטן וועגן סורטשען. העשעלע האָט זי געזעען גיין מיט דער מאַמען. מוישל האָט זי באגעגנט אף דער פּאָטשט — מיט די העניטשקעס, און פייוול האָט זי געזעען גייענדיק צום בעקער נאָך פ אַ ר ק ע ס — פריצישע זעמל, הייסט עס, און אַזוי קעסיידער. יעדן טאָג. יעדן טאָג. אָבער די אלע געשיכטן האָבן גענומען אויסשעפּן זייער פאַרביקייט, זייער כיין. קיין נייס איז ניט געווען. יעדן טאָג די זעלבע קליינע אַסיפע. יעדע נאכט א שפּאַציר אפן שטראָס מיט ווייסער בלאָטע לעבן איר הויז און צוריק אהיים. וואָס וועט זיין דער טאַכלעס? הייסט דאָס דען געשפּילט א ליבע? אַדעראבע, לאָז מען קויפן א ראָמאן-ביכל און זעען.

אַזוי איז טאַקע געבליבן: קויפן אַ ראָמאן-ביכל און נאָכקוקן.

## קאַפּיטל ט.

דער איד מיטן קניפּיקל. — יאַדוויגאַ, אַ העלדין, וואָס טראָגט העניטשקעס און איז צו אלדי גוטע יאָר א גרעפין — צי קאָן מען זי פארגלייכן צו אונזער סורטשען?

דער פ אַ ק נ ט ר ע ג ע ר רופט זיך בא אונז דער איד מיטן פּאַק מאיסע-ביכלעך, טכינעס, בענטשערלעך און אנדערע ספּאָרימלעך. דער איד קומט צו אונז אין שטעטל פון צייט צו צייט. פאַלט אראָפּ פון ערגעץ, ווי א שניי, אזא קאַלטער, א ברויגעזדיקער, פארקלייבט ער זיך גלייך אף א לאנגן טיש, נעמט ארויס פון אַ קליינעם פּעקל א שווארץ ברויט און א רויט קניפּיקל פון קעשענע, שניידט קליינע רעפטעלעך, שטעקט זיי ארוף אפן שפּיץ קלינגל, באשיט זיי געשמאק מיט זאלץ און ווארפט זיי קונציק אין שוואַרצן, גרויסן מויל אריין, וואָס איז פארדעקט מיט באָרד. רעדן רעדט ער ווייניק. נאָר אז א אינגל פרעגט אים וואָס קאָסט דאָס? ענטפערט ער: פּופּצן נייעם גרייצערס — דאָס הייסט פופצן נייע גרייצערס, אָדער צען נייע גרייצערס, וועדליק דעם מעקעך, און טרייבט אוועק מיט א פּרוטקעלע, וואָס ער האלט שטענדיק לעבן זיך, קעדיי זיך איינצושפּאָרן רייד.

באַ דעמדאָזיקן פאַקנטרעגער האָבן מיר, ווען ער איז ענדלעך געקומען אין שטעטל אריין, איינגעהאנדלט דאָס ראָמאַן-ביכל „זשעליאבא" פאר צען גרייצער, און מיר האָבן נאָכגעקוקט, שטאַרק נאָכגעקוקט. געלעזן עס עטלעכע מאָל. געזיפצט מיט דער עלנטער יאדוויגא, וועלכע איז נעבעך געווען אן אומגליקלעכע גרעפין. געוויינט מיט טרערן, בעאייס דער העלד האָט זי אוועק-געוואָרפן, אָבער קיין ענטפער אף אונזער פראגע האָט דאָס ניט געגעבן. די אייינציקע ענלעכקייט צווישן אונזער סורטשען און דער אומגליקלעכער גרעפין יאדוויגא איז געווען, וואָס ביידע האָבן געטראָגן העניטשקעס. מער גאָרניט. טו וואָס-זשע קאָן מען לער-נען דערפון?

אָבער מיר האָבן זיך דאָך דערטראַכט צו א פלאַן, ווי איר וועט זען אין קינפטיקן קאַפּיטל.

## קאַפּיטל י.

דער גרויסער פלאַן. — געצוקערטע קאָמפּלימענטן אין א פעקל. — „מי ומי ההולכים"?

דער פלאַן, וועלכער איז געווען א פּאָשעטער פלאַן, איז גע-בוירן געוואָרן אין דעם געהירן פון אונזער באַליבטן העשעלען, און באשטאנען איז ער אין אָט וואָס: אין פינף וואָכן ארום וועט זיין א יאריד אין שטעטל, וועט קומען צופאָרן דער צוקערניק, דער לעקעך-בעקער. מיר וועלן דערווייל אָפּשפּאָרן געלט. יעדער וויפל ער קאָן. אביסל פון די גרייצערס, וואָס די מאמעס גיבן אף כיידער-סודעס, אביסל פון נאשערייען, און אז דער בעקער וועט קומען, וועלן מיר קויפן א פעקעלע צוקערקעס — פון די פּריצישע — און עס אָפּשיקן צו איר, וועט ער פאַרשטיין, וואָס מע מיינט.

לאנג זיינען געגאַנגען די פינף וואָכן, אוי, ווי לאנג! און מיר, זעקס פארליבטע, האָבן דערווייל געשפּאָרט. פון אלץ געשפּאָרט — פון נייטיקסטן, פון נאשערייען, ביזוואנעט מיר האָבן געהאט צונויפגעשפּאָרט א ריינישׁ. דעמדאָזיקן ריינישׁ האָבן מיר באהאלטן אין פּאָליש פון שול, העט אונטן, און געוואַרט אף דעם יאריד, אף דעם צוקער-בעקער און אף דער לייזונג פון דעם גרויסן רע-טעניש, וואָס האָט זיך גערופן סורטשע. דאַן האָבן זיך פאַרזאמלט

אַלע זעקס ליבהאָבער און געפּרעגט: „מי ומי ההולכים?" ווער זאָלן זיין די גייערס און די קויפערס? און וועמען זאָל מען גע-טרויען דאָס געלט? און ס׳איז באשלאָסן געוואָרן, אז אזוי ווי איך און העשעלע זיינען געווען די ערשטע צו שפּילן ליבע, בע-כיין זיינען מיר אויסגעוויילט.

## קאַפּיטל יא.

יאַריד אין שטעטל. — דער זיסער איד, וואָס נעמט בא אונז צו אַ ריינישל. — מיר קויפן און באהאלטן.

דער יאַריד האָט זיך געשטעלט. שוין גאַנץ אין דער פרי האָט מען געהערט ס׳מרוקען פון כאזיירים, ס׳מוהוקען פון קעלב-לעך און דאָס סקריפּען פון שליטנס. דאַן האָט דער ראַש גענומען וואַקסן, זיך אויסגעשפּרייט איבערן שטעטל, פארכאַפּט די ברע-געס פון די בערג — העט ביז דער טאָרגאָוויצע פון בעהיימעס — און ארויסגעשלאָגן ס׳שטעטל פון אָרט.

א גאַנץ שטעטל האָט זיך באוואויגן.

אין מארק איז געווען פריילעך, ראַשיק. אידן מיט שטרוי אין די מיילער און אין די פּייעס זיינען ארומגעלאָפן פארשמאַכט, גערעדט האַלב אידיש, האַלב גויאיש, זיך געקריגט, געמאַכט כוי-זעק, געקליאַנעט זיך און זיך געפּאַטשט אין די הענט מיט פרעמ-דע גויאים אין רויטלעכע סערמיאַגעס און אופגעשטעלטע היטלען.

ערגעץ לעבן די שטעלן פון געבעקס איז געזעסן א קאַליקע א בעטלער און געדרייט אף דער ל י א ר ע (אַ מין הילצערן אינסטרומענטל, מיט א הענטל צו דרייען) און געזונגען אַ האַרצ-רייסנדן געזאַנג. ווייטער אביסל אַרופצו איז געשטאַנען לעבן א געוועלבל א איד מיט אַ יאַרמולקע, מיט אן אַרשין אין האַנט און געזידלט א גוי און געשריען, אַז ער איז ניט קיין גאָספּאָדין, פון וואָס דער גוי האָט זיך שטאַרק באליידיקט און געשריען, אַז ער איז דאַפּקע יאָ א פּאַן. א סימען — אז ער האָט א פולע קעשענע מיט גרייצערס.

אַף אן אנדער פּלאַץ איז געשטאַנען א פור, אף וועלכער עס איז געווען פון אלע זייטן צוגעטשעפּעט שטיוועלעך מיט רויטע כאָליעווקעס און גלאַנציקע פּאָדעשוועס אין פאַרשיידנפאַרביקע אויערלעך, אָן א שיר שטיוועלעך און שטיוול, און אף דער פור

איז געשטאַנען א רויטער איד — אויך א לעדערנער, האָט זיך אויסגעדוכט — און געשריען: העי, טשויעטע, כאָדיט סודא! קומע! העי!

ערגעץ-וואו האָט שפּאַצירט א פּאָסטן-פירער מיט א היטל מיט פעדערן, ברויגעזלעך געקוקט אַף דעם אוילעם, און דאָס שווארצע רימענדל האָט געגלאַנצט פול מיט כיין און זעלנערשן שטאָלץ.

און אָט דאָרט איז דער צוקער-בעקער, דאָס גלוסטונג פון אונזער האַרץ, די האָפענונג אף אונזער גליק. אף א לאַנגן טיש, אַף וועלכן עס איז אופגעשפּרייט א געל פּאַפּיר, ליגן לעקעכלעך, האָניק-פּריצימלעך, צוקער-פייפלעך, צוקער-וואורשטלעך, שאָקאָ-לאַדע, באָנבאָנעס, קאַרמעלקעס און אַנדערע טייערע זאַכן. איך און העשל, — מיר זיינען געווען אויסגעקליבן צו באַזאָרגן דעם איינקויף — מיר ביידע האָבן צוערשט אַרומגעקוקט זיך צי קיינער זעט ניט. אין גרויס איילעניש און מיט פיבערנדע פינגער האָבן מיר אַוועקגעלייגט דעם זילבערנעם רייניש, פון וואָס דער בעקער האָט, קאָנטיק, געשטוינט און, נאָכדעם ווי מיר האָבן שטאַמ-לענדיק דערקלערט אונזער פאַרלאַנג, האָט ער אונז איינגעפּאַקט א פּעקעלע מיט צוקערקעס, פארבונדן מיט א רויט שנירל, עס אַוועקגעגעבן צו מיר און געזאָגט אף פויליש: א דאַנק מיינע פּריצים!

## קאַפּיטל יב.

דאָס פּעקל איז סורטשעס פּעקל, מיר טאָרן דערפון ניט געניסן. — מיר, איך און העשעלע, אַלס אַוואַנגאַרדן.

האָבן מיר שוין, הייסט דאָס, אַ פּעקעלע מיט צוקערקעס. וואָס טוט מען איצט? אָבער איידער מיר האָבן צייט געהאַט צו טראַכטן וועגן ווייטערע שריט, האָבן מיר זיך דערמאָנט, אז די איבעריקע פיר פארליבטע כאַוויירים וואַרטן אף אונז אין קלויז און מיר דארפן זיי לאָזן וויסן, וואָס מיר האָבן אופגעטון. און צי האָבן מיר געקויפט און וואָס מיר האָבן געקויפט.

— געקויפט? — זיינען אונז יענע כאַוויירים געלאָפן אַקעגן.

— געקויפט!

— פאר וויפל?

— פאר א ריינישל!
— עפעס גוטע זאַכן?
— מיר האָבן ניט געקוקט.
— לאָמיר אופמאַכן!

מיר האָבן אופגעמאַכט ס׳פּעקעלע, און ערשט איצט האָבן מיר דערזעען, וואָס פאר א גוטע זאַכן די וועלט פארמאָגט. האַ! סאַראַ באָנבאָנעס! סאַראַ קאַראַמעלקעס! און די וואורשט — ווי א ריכטיקער קאָלבאַס זעט זי אויס! און מילקאָ טשאָקאָלאדא!

— עפשער וואָלטן מיר פאַרזוכט א שטיקל? — האָט פאָרגע-שלאָגן העשעלע.

— לאָז גאָט אָפּהיטן! — האָבן די איבעריקע געענטפערט ווי אָפּגעבריטע. דאָס מוז זיין פאר איר, פאר סורטשען.

— כאָטש איין באָנבאָנקע, — האָט זיך געבעטן העשעלע און געגומען דוצקען.

אַפילע ניט קיין האַלבע באָנבאָנקע, אַפילע ניט קיין פּערטל, אַפילע ניט אזוי גרויס, אַפילע ניט אזוי פיל, — האָט אן אַנדערער אָפּגעמאָסטן אפן שפּיץ פינגער.

מיט גרויס פאָרזיכט האָבן מיר צוריק פארבונדן ס׳פּעקעלע, פארשנורט מיט א רויטן שנירל און עס אַוועקגעלייגט אין פּאָליש הינטער די שיימעס, ביז סע וועט זיך מאַכן א געלעגנהייט, אז איך און העשעלע — מיר צוויי, זאָלן עס מיט אונזערע אייגענע הענט איבערגעבן צו סורטשען.

## קאַפּיטל יג.

שווער צו באַשרייבן. — דער אָנהייב פון סאָף. — דער סאָף פון סאָף. — אַ גלעקל, וואָס קלינגט אין האַרצן. — סורטשע גייט. — מיר גיבן איר ס׳פּעקל. — זי וואַרפט אַוועק ס׳פּעקל. — מיר הייבן עס אוף. — סאָף מאַיסע.

באַשרייבן אייך, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט די עטלעכע טעג, ביזוואַנען מיר האָבן באַשלאָסן איבערצוגעבן די מאַטאַנע, בין איך נישט בעקויעך. ניט איך און ניט קיין אַנדער מענטש. דוכט זיך מיר, סיידן א מאַלעך מיט פליגל עפשער. דערציילן אייך, ווי אַזוי מיר האָבן געפלאַטערט, און געפלאַמט, און געבּיינקט, און געהאָפט, און געשפונען פאַנטאַזיעס פון דעם גרויסן גאָלדע-

נעם שפּול, וואָס רופט זיך ק י נ ד ה י י ט — איז עפּשער צופיל פאר א מאַלעך מיט פליגל אויך.

איך קען אייך נאָר זאָגן, אז אויב איר זענט אַמאָל געווען יונג און אומשולדיק און פאַרליבט, דאן וועט אייך נאָך אַלץ זיין שווער צו באגרייפן, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט.

עס איז געווען סאָף ווינטער, אינמיטן כוידעש. די נעכט זיי־נען נאָך אַלץ געווען קאַלט און פראָסטיק, אָבער שטיל — אָן ווינטן און אָן ברענעניש. דער הימל איז געווען קלאָר און דורכזיכטיק, ווי א קרישטאָלענער קידעש־בעכער, און באוואָרפן מיט אַזויפיל, אַזויפיל שטערן. און די ווייסע פלאכן ערד הינטערן שטאָט, און די שפּיצן בערג, וואָס זיינען געווען טאָפּל־ווייס, און פאַרווייסטע קוימענס פון די אָרעמע שטיבלעך האָבן געקוקט צו דער גרויסער, געפּרוירענער לעוואָנע און געכידעשט זיך, צי בא איר איז אויך אַזוי קאַלט, אַזוי פרעמד.

אין אָט אַזאַ נאַכט בין איך מיט מיין כאַווער העשל, מיטן פעקל אין מיין האַנט, אַוועק אַף דער גרויסער שליכעס פון ליבע.

———

סורטשעס עלטערן זיינען „אָנגעזעענע מענטשן". דער פאָ־טער — א איד א לאַמדן און גרויסער קאַיסן. מיט א שוואַרץ סאַ־מעטענעם מאַשעל הינטערן ווייסן קאָלנער, האָט זיך געלאָזט בויען א הויז אביסל אַרויס פון שטאָט, לעבן דער פּוילישער שקאָלע, אַביסל אָן א זייט פון פראָסטן אוילעם.

ניט ווייט פון דער שטוב מיט דעם בלעכענעם דאַך איז דער צווינטער, פון וועלכן עס טאָרטשען אַרויס די צלאָמים, און אביסל ווייטער אַרופצו איז דער רוטענישער קלויסטער מיט די גרויסע טורעם־לעכער, אין וועלכע עס הייגען די גלעקער, ווי לויז־געוואָ־רענע ציין אין א מאַכשייפעס מויל. אַמאָל פאַרגאַנוועט זיך דער ווינט, גיט א ריר ס'צינגל פון א לייכט גלעקל און ס'ציטערט שטיל־שטיל. און מע ווייסט ניט, צי קלינגט עס, צי ניט. אַרום דעמדאָזיקן גלעקער־טורעם שטייען קאַלינע־ביימער מיט רויט־ביטערע פרוכט, וואָס זיינען בלויז גוט, ווען זיי זיינען דורכגע־נומען פון פראָסט, און אויסזען זעען זיי אויס, ווי פאַרגליווערטע טראָפּנס בלוט.

———

אונטערגעמוטיקט און מיט לעבעדיקע טריט גיי איך מיט העשעלען איבערן שטראָס. בא מיר אונטערן זשופּיצל איז די טייערע מאַטאָנע — דאָס פּעקעלע צוקערקעס, וואָס מיר, זעקס כאַווײרים, ברײנגען מיט ציטערדיקע הערצער א קאָרבן צום גאָט פון ליבע.

די נאַכט איז פריש און קאַלט. מיר גייען און איילן זיך. ס'איז נאָך פרי — סורטשע איז ערשט ארויס פון איר טאַטנס געוועלב און זי גייט אַהיים. מיר האָבן זי געזען — מיר האָבן געזען די בלאָע סטײנגע פון אירע האָר פלאַטערן אין שיין פון געוועלב-פענצטער. איילן מיר זיך איר צו פאַרלויפן דעם וועג. גייען מיר דעריבער וואָס שנעלער, וואָס לעבעדיקער. עס סקריפּען די שטי-וועלעך אין שניי, און עס סקריפּעט, דוכט זיך, אויך ערגעץ אין האַרץ. אָט זיינען מיר ניט ווייט פון הויז. סורטשע איז נאָך ווייט. מיר בלייבן שטיין א שטיק וועג פון שטוב. ס'איז פינצטער. אָט דאָרט איז דער צווינטער מיט די שטיינערנע צלאָמים. און אָט ציטערט דאָס קליינע גלעקל. עפשער ציט עס עמעצער? ניין, ס'איז דער ווינט. בלויז דער ווינט. און זי, וואו איז זי? אָט גייט זי. אָט קומט זי נעענטער. אָט זעט מען שוין די וויסע העני-טשקעס פון אונטער די אַרבל פון דעם שוואַרצן יאַקל. אָט איז זי נאָענט. גאָר נאָענט. איך פיל, ווי עפּעס קלינגט מיר אין האַרץ — עפּעס ווי עמעצער וואָלט דאָרט געצויגן א גלעקל. און די האַנט מיטן פּעקעלע ציטערט — אָט-אָט פאַלט עס אַרויס. און העשל איז גאָר צעטומלט — ער בעבעט.

ענדלעך איז זי צוגעקומען.

איך און העשל האָבן איר צערטלעך פארשטעלט דעם וועג.

— וואָס ווילט איר? — האָט זי קורץ געפרעגט.

— סורטשע, טייערע! — האָב איך געשטאַמלט און אַרויסגע-נומען ס'פּעקעלע פון אונטער מיין זשופּיצע און עס איר דער-לאַנגט — סורטשע, טייערע, אָט דאָס איז פאר דיר. נעם צו.

און העשל, וועלכער האָט איינגעבויגן דעם קאָפּ ווי א דוצקע צו טון, האָט צוגעהאָלפן.

— נעם, סורטשע, נעם! ער האָט געוואָלט אַ דוצקע טון און זיך צוריקגעכאַפּט.

אָבער סורטשע — זי האָט ניט פאַרשטאַנען אונזער סאָד, ניט פארשטאנען אונזער טיפע ליבע צו איר, ניט פאַרשטאַנען קיין זאַך, און דעריבער האָט זי אזוי אומשולדיק געפרעגט:

— פארוואָס גיט מען דאָס?

— פאַר גאָרניט, סורטשעלע! — האָב איך זי באַרואיקט — זאָל איך אַזוי געזונט זיין, ווי פאר גאָרניט. און איר געשטופט אין האַנט ס׳פעקעלע מיט די טייערע ליבעס-מאַטאָנעס.

— ביסט מעשוגע, מיינע סאָנים! — האָט זי אויסגעשפיגן און א וואָרף געטון ס׳פעקל, און איז אַריין אין שטוב ווי א פייל פון בויגן.

שטיל, מיט אן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ, האָב איך אופגעהויבן ס׳פעקעלע פון שניי, עס אָפּגעווישט מיט א פאָלע פון מיין נייער זשופּיצע, און מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי אווײלים, האָב איך און העשעלע די מאַטאָנע צוריקגעבראַכט צו די איבעריקע פיר כאַ-ווײרים, וועלכע זיינען געשטאַנען אַפן זעלבן שטראָס א שטיקל וועג ווייטער, בא א בערגל פאַרשנייטע שטיינער און געוואַרט אַף אונז.

— נו? — זיינען אונז אלע באַפּאַלן, ווי נאָר זיי האָבן אונז דערזען, — צוגענומען?

— נ י ט צוגענומען! — האָבן מירביידע בייז אַרויסגערעדט, און העשעלע האָט איינעם פון די כאַווײרים א שטאַרקן דוצקע געטון — שוין ניט ווי קיין קו, נאָר ווי א בוהאַי, ווי א ווילדער אופגערעגטער בוהאַי.

— וואָס וועט איצט זיין? — האָבן אלע געפרעגט פארצווייפלט און צעבראָכן פון דער שרעקלעכער בסורע.

— גאָרניט וועט זיין! — האָב איך געזאָגט, און טרערן האָבן געשטיקט מיין קאָל — מירן מוזן אַליין אופעסן די צוקערקעס.

— — — — — — — — — — — — —

און שטיל און אומעטיק האָט א גרויסע, אַלטע לעוואָנע צוגע-קוקט, ווי זעקס קליינע אינגלעך פראַוועט אַן אָוול-סודע, און ווי גרויסע, פיינע באָנבאָנעס ווערן פאַרגאָסן מיט נאָך גרעסערע קינ-דערשע טרערן.

# צווייערליי מאָראַלן.

און זיין נאָמען איז געווען...

אנטשולדיקט. מיר ווייסן ניט זיין נאָמען. ער האָט געקענט הייסן יויעל, באָרוך, פייוויש, היינריך, דזשיאָוואַני, אַמבראָס, איוואַן, א. א. וו.

ער האָט געקענט זיין אַ איד, אָדער אַ דייטש, אָדער אַ פּאָ-ליאַק, אָדער אַ רוס. דאָס איז ניט וויכטיק. וויכטיק איז, אַז עס האָט פּאַסירט — מיט פּראַכט און גלאַנץ — די פּאָלגנדיקע מאַיסע, מיט וועלכער איך פאַרנעם מיך דאָ — אין דער ברייט. מאַכמעס איך האָב פיינט זשאַלעווען טאַלענט, איינמאָל, זאָגט ער, האָט דער גאָט געגעבן טאלענט, טאָ זיי ניט קיין איינבריינגער! שפּאָר ניט אָפּעט אַף מאָרגן! אַז גאָט עט העלפן מ׳עט לעבן, עט׳ן מאָרגן אויך האָבן טאלענט!...

עס איז געווען באַנאַכט. וואו? אין אַ פּאַרק. פונוואַנען ווייס איך? — איך ווייס. נאָר שלאָגט ניט איבער. אַז ניט וועט זיין שלעכט, ווייל איך בין זייער אַן אופגערעגטער. אַלע גאליציאַנער זיינען אופגערעגט בעשאס זיי ווערן בייז. לאָזן מיר, אַלזאָ, שטיין דעם וויץ און מיר גייען ווייטער. אַלזאָ: ס׳איז געווען באַנאַכט און — אין א פּאַרק.

לעוואָנע-שטערן?

— וואָדען!

זיידענע וואָלקנדלעך אין הימלישן רוים?

— אוואַדע.

אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט?

— אַבסאָלוט!

און זיי זיינען געווען צוויי — ער און זי?

— געוויס.

און איצט, אַז מיר ווייסן שוין אלץ, וואָס מיר דאַרפן שוין וויסן, וועלן מיר אָנהייבן גיין קעסיידער, טריט בא טריט און ניט געכאַפּט.

זיצן זיי אַזויביידע. ווער זיינען די ביידע? — ער און זי? ניין. זי און ער. כאַ-כאַ. אָפּגענאַרט אייך! קורץ, זיצן זיי אַזוי ביידע און זיי פילן אָן די לופט מיט זייערע זיפצן. מאַכט צו זיי די לופט: קינדער, הערט אויף מיך אָנפילן מיט אייערע זיפצן־ ס'קען שוין מער ניט אַריין אין מיר. געזעען אַזוינס! רופן זיי זיך גאָרניט אָפּ, מאַכמעס זיי הערן ניט. נאָר ער, דער „באָי", דער באָכער, דער ליבהאָבער, וואָס האָט זיך ביז איצט געשפּילט מיר איר האַנט, און געגלעט אירע פינגער איבער די גלאַנציקע קעפּלעך מיט גרויס ליעבשאַפט — האָט זיך אָפּגערופן צו איר מיט טרערן, דאַפקע, אין די אויגן און מיט גרויס — דאַפקע — גערירטשאַפט:

— טייערסטע, מאַכט ער צו איר, די מוזט מיך אויסהערן. איך האָב דיר, מאַכט ער, עפּעס צו זאָגן. עפּעס, מאַכט ער, ליגט מיר אַפן האַרץ, און איך מוז עס, מאַכט ער, אַרויסזאָגן. איך ווייס, זאָגט ער, און גלעט בעשאַסמאַיסע אירע גינגאָל־דענע לאָקן — איך ווייס, אַז דו וועסט זיין בייז אַף מיר... איך ווייס, זאָגט ער, אַז איך האָב עס דיר באַדאַרפט צו זאָגן פריער. ניט אָפּלייגן ביז איצט — אכט טעג פאַר אונזער כאַסענע. אָבער כ'האָב—זאָגט ער — ניט געהאַט דעם מוט דערצו, האָב איך עס אַלץ אָפּגעלייגט אַף שפּעטער. אָבער איצט איז—זאָגט ער,— גע־קומען די צייט, ווען איך קען לייגגער ניט האַלטן אין זיך דעם סאָד און איך מוז...

בא דידאָזיקע ווערטער (אַזוי פאַרזיכערן מיר מיט א נאַראַנטי אַף דריי יאָר) איז דער ליבהאָבער געבליבן שטיין מיט אַן אַראָפּ־געלאָזטן קאָפּ, און טרערן, גרויס ווי די שווערסטע טראָפּן רעגן, האָבן אַראָפּגערעגנט פון זיינע אויגן און נאַס געמאַכט דעם רוזש און אנדערע פודער (בעסטע קוואַליטעט) פון אירע באַקן...

א ווײַלע איז געווען שטיל.

נ אָ ך אַ ווײַלע איז געווען שטיל.

ענדלעך איז געוואָרן — גאָר שטיל.

דאַן האָט זי זיך אָפּגערופן צו אים:

— רעד! איך וויל אַלצדינג וויסן...

און ער האָט ווידער אָנגעהויבן גלעטן די אומשולדיקע קעפּ-
לעך פון אירע פאַרשניצטע פינגער און ער האָט געזאָגט:

— ס'איז מיר שווער צו רעדן דערפון... איך ווייס, אַז די
וועסט מיר קיינמאָל ניט מוחל זיין, אָבער דער עמעס איז בײַ
מיר טייערער פון אַלצדינג. איך מוז דיר זאָגן, מיין טייער-
סטע, אַז איך האָב שוין אַמאָל געליבט אן אַנדערע... א
פאַרהייראַטע פרוי... אָבער — דאָ איז ער צוגעפאַלן צו אירע
קניען און געפלאַמכעט, ווי א ביבער — אָבער דו קענסט עס,
זאָגט ער, ניט פאַרשטיין... דו ביסט יונג און אומשולדיק און
דו ווייסט ניט, זאָגט ער, וואָס פאַר אַ קויעך די זינד האָט...
און וואָס פאַר אַ רייץ, זאָגט ער, עס ליגט אין דעם פאַרבאָ-
טענעם... ווען דו זאָלסט, זאָגט ער, וויסן — וואָלסטו עפשער,
זאָגט ער, ניט געווען אַזוי שטרייננג צו מיר...

אַ ווײַלע איז געווען שטיל. נאָך א ווײַלע איז געווען שטיל.
ווידער איז געווען שטיל.

ענדלעך איז געוואָרן גאָר שטיל. און זי האָט זיך אָפּגערופן
צו אים, גלעטנדיק זיין פאַרקאַמטקייט מיט פאַרגעבונג:

— ס'אָלרייט, יויעל (אָדער איוואַן, אָדער אָ'טול), ס'אָלרייט...
איך פאַרשטיי דיך גאַנץ גוט. דו דאַרפסט זיך נישט פילן אַזוי
דערשלאָגן, הייב זיך אוף פון דר'ערד, טייערסטער. איך ווייס פאַר
אַ קויעך די זינד האָט, איך אַליין האָב אויך אַמאָל געשפּילט
אַ ליבע מיט אַ יונגנמאַן און...

מער האָט זי ניט געקענט רעדן, זי האָט ניט געהאַט צו
ווען צו ריידן, מאַכמעס יויעל, אָדער היינריך, אָדער איוואַן,
אָדער מ'קיעף, האָט געכאַפּט מ'קאַפּעליוש און איז אַנטלאָפן —
מיט דעם גרעסטן אַנטלויפעניש, וואָס מע קען זיך נאָר פאָר-
שטעלן... — — — — — — — — — — — — — —

געשרייען פון אַלע לעזערקעס: „אַזא פּאַרך! אַזאַ שטיק
ניקס! אַזאַ גאָרניט!... צו פאַרלאָזן אַ קאַלע אַכט טעג פאַר דער
כאַסענע! מאַלע, אַז סע מאַכט זיך אַמאָל“...

צוריקגעשריי פון שרייבער פון אָט די שורעס: „ריכטיק, ווי
גאָלד! מאַלע, אַז סע טרעפט זיך אַמאָל!... מ'איז דאָך ניט מער
ווי אַ מענטש!... קומט דערפאַר איבערצולאָזן א קאַלע און צו
אַנטלויפן? פע!“

# אים?

מ׳וועט אים דערלאנגען אַ פּאַרפּאָר אין די ציין, אַז ער וועט זיך איבערקערן.

אים?

דעם הער בערנבערענער וועט מען דערלאנגען אַ פּארפּאָר אין די ציין, אַז ער וועט זיך איבערקערן. זיך איבערקערן מיט... ווי-אַזוי קערט מען זיך איבער? ער וועט זיך ניט איבערקערן מיט די פיס אַרוף. הער בערנבערענער מיט די פיס אַרוף! ס׳טולעפּל איינגעשמירט און די הויזן פארשאַרן זיך איבער די שיך, און ס׳זעען זיך ארויס די ווייסע זאָקן — די ריינע. ערשט היינט אינ-דערפרי אָנגעטון אַ פּאָר פרישע זאָקן, אז סע שמעקט. ער האָט ליב ציכטיקייט. די קינדער זאָגן אים אַלעמאָל: טאַטע, פאַרגעס ניט ס׳ציגאַרנשפּיצל, און גיב אַכטונג, טאַטע, זאָלסט זיך ניט פאַרקילן, טו אָן ס׳שאַליקל אפן האַלז, און ער זאָגט: נו-נו, און די עלטערע טאָכטער — בערנבערענערס עלטערע טאָכטער — טוט אים אָן ס׳שאַליקל אפן האַלז, פראָשעט אים אָפּ אַ פּאָדעם טיטון פונם זיידענעם בערדל און ווינשט אים אַ גוטן טאָג. ס׳ווייב זיינס — בערנבערענערס אויסערגעוויינלעך ווייב — דערלאנגט אים דעם שטעקן מיטן גאָלדענעם הענטל, טוט אים אַ קוש אפן שטערן און זאָגט אים אָן, ער זאָל זיך האַלטן אף דער זון, וועט ער ניט הוסטן. די זון איז קאַלט, דאָס טולעפּל איז וואַרעם. גייט ער אַרום שפּאַצירן איבערן פּאַרק אַרוף-און-אַראָפּ, און ער טראַכט:

עלדאָראַדאָ. דאָ-רא-דאָ. רא-דאָ. ער — אַ מענטש א אינטעלי-גענטער און אָפּגעהיטער, די קינדער ציטערן איבער אים. ס׳ווייב בלאָזט אים די טריט, און ער, בערנבערענער, דער אינטעליגענטער מאַן, מיט דעם העברייאישן בלאַט „התורן” אין קעשענע, גייט

אַרום איבּערן פּאַרק און טראַכט: על-דאָ-ראדאָ און נאָר עלדאָ-ראדאָ? אַלצדינג טראכט ער. ער איז אַ טיפער מענטש. אַ מענטש מיט אַ צעוויטיקטער נעשאָמע, מיט אַ שאַרף אויג. אַלצדינג, וואָס ער זעט, מאַכט אף אים אן איינדרוק. — אָט, לעמאָשל, זעט איר איצט, ווי סע בּרענט אַ שפּיץ פון אַ בּוים, איינגעטונקען אין זון-גאָלד, — אזוי ווי דער דאָרנבּוים אין דער מידבּער, וואָס בּרענט און בּרענט און ווערט ניט פאַרבּרענט. דעם מענטשנס האַרץ איז אויך אַזוי: אַ דאָרנבּוים, וואָס בּרענט אין דער מידבּער פון ליידנשאַפט — בּרענט און בּרענט און ווערט ניט פאַרבּרענט. ס'איז קאַלט. ער וועט שוין בּאַלד אַהיים גיין. עס קלעמט אים ס'האַרץ. ער האָט ליב מאַסלינעס. ווייל קיינער דיינקט ניט אזוי ווי ער — אַזוי ווי בּערנבּרענער, דער צאַרטפילנדער מענטש, מיט אן איידעלער נעשאָמע. מיט אַ האַרץ, וואָס קלאַפּט וואַרעם, וואַרעם. עפּעס האָט ער זיך אָנגעקלאַפּט אין עמעצן. אהא. מ'שטייט אים אין וועג. דער וועג איז פול מיט דערנער. אָ, אַנטשולדיקט אים. ער האָט אייך עפּשער אַ קלאַפּ געטון מיטן שטעקן, וואָס ער טראָגט אונטערן אָרעם. עלדאָ. הא? ער הערט ניט? ער קריכט ווי אַ בּלינד פערד? צו וועמען רעדט ער עס אַזוי, דער יונג? ער, בּערנבּרענער, טאָר זיך ניט אופרעגן, ווייל ער פילט זיך נישט גוט. ניט גוט. ווייבּ. שאליקל. סע ווערט קיל. מ'וועט אים דערלאַנגען אַ פארפאָר אין די ציין, אַז ער וועט זיך איבּערקערן.

אים?!

נאָכאמאָל: מ'וועט אים דערלאַנגען א פאַרפאָר — אַ האנט איבּער א האַנט ווי א ציילעם, און בּיידע פויסטן וועלן אים, בּערנבּרענערן, דערלאַנגען א פאַרפאָר אין די ציין. אלע טאָג פּוצט ער זיך די ציין מיט א בּערשטעלע און מיט אזא רויטלעך וואַסערל. וועט מען נעמען די ציין זיינע און מ'וועט אין זיי דערלאַנגען א פאַרפאָר אַריין מיט פרעמדע הענט. וועלן זיי דערלאַנגען אַ קלונג, ווי סע וואָלטן איינגעפאַלן די זילבּערנע גלעקער פון א קאטעדראלע. טע-דרא-לע, און זיי וועלן זיך נעמען וויגן. א מענטש מיט לויזע ציין, וואָס וויגן זיך אין ווינט, און אַז סע גיט אַ בּלאָז — היבּן זיי אָן צו קלינגען. ווייל דער יונג האָט אים דערלאַנגט א פאַרפאָר. א פאַרפאָר? א שרעקלעכע וואולגא-

ריטעט. פארפאָר... פארפאָרן. ארייַנקריכן יענעם אין מויל אריין און דאָס בלוט וועט רינען, ווי פון א געקוילעטן אָקס. וועט אַראָפרינען איבער דער באָרד — דעם בערדל, א פאַרבלוטיקט בערדל. מיט א פאַרפאָרן טולעפל; אַז ער וועט זיך איבערקערן אזוי ווי דער קלאָון אין היפּאָדראָם — מיט די פיס אַרויף, און אָנם היטל. און מענטשן וועלן זיך צונויפלויפן אין די טויזנטער, און מ׳וועט קוקן אַף אים און מ׳וועט באַוואונדערן זיין גוטן געשמאַק. אָבער שטילערהייט וועט ער טראַכטן פון צימערוואַלד און פון עלדאָראַדאָ. — עלדאָראַדאָ איז ניט פיליגרירט. פיליגרירט איז בלויז דאָס זילבערוואַרג פון דער בעצאַלעל-שולע. מישטיינס-געזאָגט, דער מענטש! אינדערהיים: שטעקשיך, אַ שלאָפראָק מיט טראָלדן, א ווארעם קאפעל פאַרן קאָפּ (דינע האָר). און די ביכער, וואָס ער לעזט. ס׳איז א געוואַלד! צום ביישפּיל — וואָס ניט? לאָז זיין שעקספּיר! לאָז זיין וואָס סע וויל! און טאַקע פיליגרירט... וויפל מענטשן ווייסן, אז ס׳איז פאַראן אַזאַ וואָרט ווי פיליגרירט?

ע ר, בערנבערענער, ווייסט עס. און אַ הארץ האָט ער אויך א זעלטענעם. וויפל געלט צעטיילט ער — קימאַט — צווישן אָרעמע. ווייל ער ה אָ ט ניט! ווען ער זאָל האָבן, וואָלט ער געגעבן. מ׳וועט אים געבן א פאַרפאָר אין די ציין. ווען? א י ם? מ׳וועט נעמען און אים דערלאַנגען א פארפאָר, אז ער וועט זיך איבערקערן — א פאָטער פון פיר קליינע קינדער. איינע גייט כאסענע האָבן מיט א דאָקטער, די צווייטע איז אליין אויך א שוואכע. ס׳ווייב זיינס — בערנבערענערס פרוי — שטאַמט פון ראַבאָנים, ער אליין איז נעכטן געווען בא א פּראָפעסאָר, האָט ער אים געזאָגט: צאַרט געבויט. וועט מען אים נעמען און מ׳עט אים דערלאַנגען א קנאַק איבערן קאָפּ. איבער וועמעס קאָפּ? איבער זיין אייגענעם קאָפּ, וועט מען אים דערלאַנגען א קנאַק מיט אַ שטיק אייזן — געווען אַזא וואונדערבארער מענטש. און די גאַנצע שטאָט וועט גיין צו דער לעוואַיע. און דער מערדער מיטן שטיק אייזן אין האַנט וועט פאַלן אפן קייווער און וועט זיך איבערקערן. א זעלטענע איבערקערעניש. איז ער אַרופגעגאַנגען צו איר אין שטוב אַריין און געפרעגט, צי זי איז דאָ אינדערהיים. ער מוז ליבן. ער איז נאָך אַ יונגער מענטש. ווי אַלט איז ער דען? ער וויל נאָך געניסן פון דער וועלט. אים איז אַנקעגן געקומען די מאַמע אירע מיטן

גלעזערנעם אויג און געזאָגט: זי איז ניטאָ אינדערהיים. האָט ער געזאָגט: אַ גוטן שאַבעס! און איז אַוועקגעגאַנגען. עס איז געווען דינסטיק, און די פרוי מיטן גלעזערנעם אויג האָט נאָך צוריקגעענטפערט: א גוטן שאַבעס, מיסטער, אַ גוט יאָר!

מיסטער... ער איז א מיסטער — איז ער! עפשער האָט זי געלאַכט פון אים? וואָס איז דאָ פאַראַן צו לאַכן? ער האָט געמיינט צו זאָגן: אַ גוטן שאַבעס — קאָן מען שוין האָבן באַ הייניקן יאַקרעס אַף עסנוואַרג! סאַטירע. און זי האָט אים געענטפערט, ער זאָל אָנטון א שאַליקל און זיך האַלטן אַף דער זון. שאַבעס אינדערהיים. עך! דאָרט ליגט דער שאַבעס אַף דער גאַנצער שטאָט. דאר-אויבס, נאהיט, עפלקוואַס און דאָס שפּאַצירן איבער די האָפּנפעלדער. גאַנצע פעלדער מיט ווייץ לאַכן זייער גאָלד צום הימל אַרוף. אַף אַלע וואַסערן שווימט דער שאבעס, פון אַלע גרינט ער אַרויס. דאָ, אַז מ׳זאָגט „גוט-שאַבעס״, לאַכט מען. פאַרוואָס? ווייל ס׳איז נאָך 4 טעג צו שאַבעס און זי איז ניטאָ אינדערהיים. עפשער באהאַלט זי זיך? זי באַהאַלט זיך — פאַר וועמען? פאַר אים? פאר בערנבערנערן באַהאַלס זי זיך? פאַר דעם צאַרט געבויטן בערנבערנער מיט דער פיינער ד׳אַנונציאַבאָרד און מיט די געפּערלטע ציין. מ׳וועט מיר דערלאַנגען אַ פּאַרפאָר אין די ציין אריין, אז איכ׳ל זיך איבערקערן און איכ׳ל מוזן שרייען געוואַלד. „געוואַלד!״ ס׳איז צו שטיל. מ׳הערט ניט. „גע—וואַל—ד!״ דאָס איז שוין אַביסל בעסער, אָבער נאָך אַלץ ניט דאָס. „געוואַלד— — לד!״ דאָס איז שוין בעסער. נאָר מיר׳ן פּרואוון נאָכאַמאָל. „גע—וואַ—ל—ד! דאָס מוז יעדער דערהערן. די גאַנצע שטאָט זאָל זיך שטעלן אַף די פיס. דאָס לאַנד זאָל זיך וויגן... האַ? — נאָכאַמאָל-זשע: מ׳עט נעמען א שוואַכן מענטשן, וואָס איז נעכטן געווען באַ אַ פּראָפעסאָר און וואָס זיין פרוי שטאמט פון ראַבאָנים, און מ׳עט אים דערלאַנגען — אַ וואָס? — אַ קנאַק, ער זאָל זיך?..

---

# לעמעשקע.

געהייסן האָט ער „לעמעשקע״, און געווען איז ער א — לעמעשקע. דאָס הייסט: איידער ער איז געוואָרן א לעמעשקע, איז ער געווען אַ מענטש ווי איך און איר. געגעסן, געטרונקען, גערעדט פאַסקודנע רייד, גענומען א דירעקטן אָנטייל אין מילכאָמעדעבאַטן א. אז. וו. אַלץ אַזוינע זאַכן, וואָס באַווייזן, אז אונזער צעקראָכענער העלד איז געווען פולשטענדיק געזונט אַפן קאָפ און — פאַרקערט.

נאָר אַמאָל האָט זיך מיט אונזער ווערטן „לעמעשקע״ פארלאָפן א שוידערהאַפטע מאַיסע. האַינע: ער האָט איבערגעלעזן עפעס א ביכל וועגן „די מיליאָנען געפארן, וואָס לויערן אף דעם מאָדערנעם מענטשן״. דאָסדאָזיקע ביכל, וואָס איז געווען געשריבן פון א געוויסן דאָקטער „נעמימארויס די קויכעס״, האָט גענומען אונזער לעמעשקען און אים געקוילעט אָן א מעסער.

אָנשטאָט דעם דרייסטן יונג, וואָס ער איז פריער געווען, איז ער פון דעם מאָמענט, וואָס ער האָט איבערגעלעזן דאָס באַקאַנטע ביכל, געוואָרן אַן אַבסאָלוטע און פולשטענדיקע לעמעשקע. אַנשטאָט וואָס ער האָט פריער ניט מוירע געהאַט אַפילע פאר זיין שוויגער, האָט ער איצט געציטערט פאר דעם שאָטן פון זיין אייגענעם ברייטן קאַפעלוש, וועלכער איז בא אים געלעגן אף אן אויער — מאַיסע-טראכטער!

און אַז לעמעשקע האָט גענומען ציטערן — איז דאָס געווען א ציטערניש „איבער דער גאַנצער ליניע״.

זיין שרעק פאר די לויערנדע געפארן האָט ניט געוואוסט פון קיין אָפשטעל און פון קיין גרענעץ. זעכצן שאָ אין טאָג האָט ער געפלאַטערט אין די פלודערן פון שרעק פאר פאַרשיידענע זאכן, און די איבריקע אַכט שאָ האָט ער—האָט ער אויך געטון דאָס אייגענע.

הויכבאַן ?—לאכט זיך אויס ! לעמעשקע וועט ניט פאָרן אף קיין הויכבאַן. אורזאך ? הויכבאַנען קאָנען אַראָפּפאַלן. אונטערבאַנען ? גייט אַוועק פונדאַנען ! לעמעשקע וועט ניט פאָרן אין קיין אונ-טערבאַנען — וואו עס קאָן יעדע מינוט און יעדע רעגע פאַסירן א צוזאַמענשטויס. טראם-באַנען ? דערמאָנט ניט דאָס וואָרט, איך בעט אייך ! א קאַר קאָן אַראָפּ פון די רעלסן אָדער אַריינפאָרן אין א פייער-לעש-מאַשין, און לעמאַי איז ער מעכויעוו זיך איינצושטעלן ס׳לעבן? גיין צופוס ? קאָן ער אויך ניט, ווייל עס טרעפן סיבעס. ערשט נעכטן, איינער א מאַן איז געפאַלן אין סטריט פון עלטער-שוועכע.

און ניט נאָר וועגן פאָרעכץ, נאָר מיט יעדער זאַך אַזוי. לע־מאָשל : שלאָפן. וואו קאָן אזאַ איד, ווי לעמעשקע שלאָפן ? אין א ביליקן האָטעל ? האָט ער מוירע, אז עס וועט אויסברעכן אַן ערדציטערניש. ווידער, אין א טייערן האָטעל האָט ער מוירע, אַז סע קאָן נאָך אין מיטן נאַכט אויסברעכן א פייער, אינדערהיים — קאָן אים נאָך עפּעס אַריינקריכן אין אויער, איז ער כאָלילע א פאַרטיקער. ווידער אין גאַס — קאָן נאָך פאַרבייפאָרן דער וואַגאָן מיט די בעזימס, וואָס קערט די גאַסן און אים אוועקערן. און דאָס נעמלעכע מיט עסן : וואָס קאָן א מענטש ווי לעמעשקע געניסן ? פלייש, אייער און מילך אנטהאַלטן אין זיך, ווי מיר ווייסן, אַזעלכע קליינע כאַיעלעך, וואָס רופן זיך „באַצילן“, און וועלכע זיינען א סאַמאַמאָוועס אפילע פאר א געזונטן מענטשן. ביפראַט נאָך פאר א י ם ! ווידער-זשע, גרינסן און פרוכטן און אַנדערע קרייטעכער קאָן ער אויך ניט עסן, דערפאר וואָס זיי אַנטהאַלטן אין זיך אזא מין „זויערקייט“, וואָס איז שעדלעך פארן מאָגן און סע גרייפט אָן דאָס האַרץ. בלייבט איבער : וואַסער.

איז אָבער די קאַשע : וואָס פאַר אַ וואַסער זאָל לעמעשקע טרינקען ? טרינקען „ווייכע“ וואַסער, האָט ער מוירע, אַז סע וועט אים אַריין אין די געהירן און ער וועט קריגן אַ וואַסער-קאָפּ... ווידער, האַרטע וואַסער איז צו טרוקן,—האָט ער מוירע, אַז סע וועט אים דאָרשטן.

וואָלט ער שוין אינגאַנצן געפאַסט, האָט ער אָבער מוירע, אַז ער איז שוואַך דערצו.

ווי איר זעט-זשע, האָט זיך אונזער לעמעשקע געפונען אין אַ ביטערער לאַגע, און ניט נאָר האָט באַ לעמעשקען אַריינגע-

טראָטן א גרויסע ענדערונג בענויגייע צו פיזישע זאַכן, נאָר אויך צו גייסטיקע. אַזוי, האָט ער, לעמאַשל, איידער ער איז געוואָרן אַן אַבסאָלוטע לעמעשקע, זיך געהאַט געליבט מיט אַ מיידל, גע-זעסן מיט איר קעגן דער לעוואָנע און זיך אופגעפירט ווי אַן עמעסער אידיאָט,—וואָס דאָס איז גאַנץ נאָרמאַל אונטער אַזעלכע אומשטענדן. אָבער זינט ער האָט איבערגעלייענט דאָס געוויסע ביכל פון דעם דאָקטער „נעמימאַרויס די קויכעס״, האָט ער גלייך „אָפּגעשניטן״ מיט זיין געליבטער. וואָרום וואָס טויג אים אַ מיידל? וואָס וועט ער מיט איר טון? אַז קושן זיך טאָר מען ניט צוליב באַצילן, אַרומנעמען זיך איז אויך ניט זייער קיין גלייכע זאַך, צוליב דעם וואָס מען ווערט אופגערעגט, און דאָס האַרץ הייבט אָן האַסטיק קלאַפּן, וואָס דערפון קאָן זיך, מיט דער צייט, לאַנג-זאַם אַנטוויקלען אַ פּלוצלעכער האַרצשלאָג אָדער אַן אַנדער אומ-גליק, צו וואָס דאַרף ער עס האָבן?

אָט דאָס זיינען געווען די געדאַנקען פון לעמעשקע, דעם זון פון לעמעשקע. וואו ער איז געשטאַנען און וואו ער איז געגאַנ-גען, פון אַלע דעכער און פון אַלע פענצטער-שויבן האָבן צו אים געוואונקען פינגער און געוואָרנט: „היט זיך, לעמעשקע! זיי פאָרזיכטיק, לעמעשקע!״

און דאָס לעבן איז אים געוואָרן איינג, ווי דאָס וועסטל אַף אַ אידישן סקיצן-שרייבער, בעאייס ער קריגט די בסורע, אַז מען גייט אים איבערזעצן אַף פראַנצויזיש...

און לעמעשקעס לאַגע איז געוואָרן שווערער און פאַרצווייפל-טער פון טאָג צו טאָג, און גאָט ווייסט, מיט וואָס פאַר אַ שווי-דערלעכן אומגליק די דאָזיקע געשיכטע וואָלט זיך געווען געענדיקט, ווען עס זאָל אים ניט געווען איינפאַלן אַ זעלטענער געדאַנק.— האינע: אין אַ שיינעם פרימאָרגן, בעאייס אַלע אין זיין הויז האָבן נאָך געשלאָפן, איז לעמעשקע שטילערהייט אַראָפּ פונם גע-לעגער, זיך אָנגעטון דעם שאַבעסדיקן פראַק מיטן ברייטן קאַפּע-לוש און, אַרומקוקנדיק זיך, צי קיינער זעט ניט, איז ער מיטן טשעמאָדאַן אין האַנט ארויס פון שטוב און איז אַוועק—אַף היינ-טיקן טאָג...

* * *

און אָט דאָס, מיינע פריינט, האָט אים געראַטעוועט.

# אַן אַנדער סאָרט מענטש.

איך בין אַן אַנדער סאָרט מענטש.

איך האָב פיינט שפּאַרן זיך מיט מענטשן אַפילע דאָרטן, וואו איך ווייס, אַז איך בין אַבסאָלוט גערעכט און יענער איז דורכויס אומגערעכט.

איך האָב ניט האָלט אַרופצוצווינגען מיין מייגונג אַף אַ מענטשן אַפילע דאָרטן, וואו יענער שטייט גייסטיק נידעריקער פון מיר.

איך מעג זיך באַרימען, אַז עס זיינען געווען פאַלן, וואו מענטשן האָבן מיך איינפאַך רואינירט און איך האָב — געשוויגן.

געשוויגן און ניט גערעדט אַ וואָרט, ניט געזאָגט אַפילע, אַז מ׳דארף עס ניט טון און ס׳איז ניט קיין יוישער.

איכ׳ל ברענגען ביישפּילן:

אַנומלט באַנאַכט כאַפּ איך זיך אוף, דערזע איך, ווי לעבן מיין בעט שטייט אַן אומבאַקאַנטער גאַנעוו, פון נידעריקסטן טיפּ — נאָר זייער אַ הויכער און גוט געבויט.

שטייט לעבן מיין בעט, מיטן רעוואָלווער אין האַנט און — הינטער אים שטייט נאָך איינער מיט אַ לאַמטערנדל, אויך אַ פרעמדער און אויך זייער אַן אַטלעטישער יונגערמאַן.

— גוטן אָוונט! — זאָג איך — וואָס ווינטשן די זשענטלליים?

— מיר ווינטשן אייך צו באַגאַנווענען! — האָט דער מאָראַליש־געזונקענער גאַנעוו געענטפערט מער מיטן רעוואָלווער, ווי מיט עפּעס אַנדערש.

— און דער יונגערמאַן דאָרטן־אָ, מיטן לאַמטערנדל, וועט אייך העלפן?

— יעס. ער האָט אויך אַ רעוואָלווער. און טאָמער וועט זיין נייטיק, שטייט פון דרויסן נאָך איינער אַ באַרימטער מערדער.

טראכט איך אַ ווײַלע מיט די הענט אין לופטן און זאָג:

— זשענטללײַט, איכ׳ל זיך מיט אײַך ניט שפּאָרן, צי איר זײַנט גערעכט, צי-איך. איצט איז איבערהויפּט ניט די צײַט פאַר פּרינציפּיעלע דיסקוסיעס. עפּשער שפּעטער, דערווײַל קאָן איך אײַך זאָגן, אַז איך וועל זיך מיט אײַך ניט אײַנרייסן, און אײַך לאָזן גאַנוועגען, וויפל איר ווילט, און ניט אַכטנדיק דערויף, וואָס איר זײַנט מיר אַבסאָלוט פרעמדע, רוף איך צו אײַך אויס: פרײַנט, קוקט ניט דערויף, וואָס איך בין אַביסל בלאַס און סע ציטערן בא מיר די הענט, נעמט, וואָס איר קאָנט — איכ׳ל אײַך אַבסאָלוט גאָרניט ניט זאָגן, איך זאָל אַפילע וויסן, אַז איר וועט מיך רואינירן.

אָט אַזאַ סאָרט מענטשל בין איך מיר!

אַ צווייטער פאַל, וואָס באַווײַזט אַף ווי ווײַט איך בין פרײַנט-לעך און נאָכגיביק אַפילע צו מײַנע ערגסטע סאָנים, איז דער פאָלגנדער:

איך האָב זיך געליבט אין אַ מיידל. וואָס הייסט געליבט? געליבט הייסט, אַז איך האָב נאָך איר קראַפּירט. פּאָשעט אויס-געגאַנגען נאָך איר, ווי אַ ליכט. עס האָט געהאַלטן אַזוי ווײַט, אַז איך האָב בא זיך געהאַט אָפּגעמאַכט, אַז בעאים, אויב זי וועט מיר אָפּזאָגן די ליבע, וועל איך זיך אַראָפּוואַרפן ערגעץ פון אַ דאַך, צום שוואַרצן יאָר.

אַזוי ווײַט האָט עס געהאַלטן.

דאַרף מען שוין מער?

פונדעסטוועגן, אַז עס האָט זיך געמאַכט, אַז סע האָט זיך אין איר אײַנגעליבט אַ צווייטער באָכער און ער האָט אָנגעהויבן אַרײַנגיין צו איר און איר ברענגען בלומען מיט צוקערקעס מיט אַלע זאַכן, האָב איך לאַנג ניט געטראַכט, נאָר אים אָפּגעוואַרט לעבן איר הויז און אים אָנגעזאָגט:

— הער נאָר אויס, די שמויטעפּונע, דו לאַפּאַצאַן, אויב דו וועסט ניט אופהערן אַרופצוגיין צו מײַן מיידל, וועסטו זיך אויס-ריכטן אַ פינצטער יאָר, דו פּאַסקודניאַק!

אַז ער האָט דאָס דערהערט, האָט ער לאַנג ניט געטראַכט און מיך געמאַכט פאַר אַ... קאַליקע.

— ע, טראַכט איך! אַז דו ביסט שוין יאָ אַזאַ היצל, אזא מערדער, האָב איך דיר אין דר'ערד... וויל איך זיך גאָרנישט באדערן מיט דיר... און איך האָב זיך צוריקגעצויגן.

אָט אַזאַ סאָרט מענטשל בין איך מיר!

צי נעמט, אַשטייגער, אַזאַ פאַל:

איך גיי אַרום אָן אַרבעט און דארף אַ שטעלע נייטיק, ווי ס'לעבן, קום איך אָן ערגעץ אין אַ שאַפ, באַ מיין אַרבעט. און אַזוי ווי איך זעץ זיך נאָר אַוועק באַם מאַשין, קומט צו מיר צו אַ יונגערמאַן און מאכט צו מיר:

— מיסטער, איך בין דער שאפ-טשערמאן, און איך בין אייך מוידיע, אַז איר קענט דאָ ניט אַרבעטן, ווייל איר פארנעמט ס'פלאץ פון אַ יוניאָן-מאַן.

זאָג איך: איך פייף אַף אייער יוניאָן און מיט אייך איניינעם.

זאָגט ער: מיסטער, מיר אַפעלירן צו אייך אין נאָמען פון מענטשלעכקייט — דער מאַן, אַף וועמענס פלאַץ איר זענט אָנגעקומען אַרבעטן, איז אַ טאַטע פון זעקס קליינע קינדער און אַ קראנקער מענטש.

זאָג איך: ניט איך האָב אים געהייסן זיין אזא שטארק-באַ-קינדערטער טאטע, און ניט איך בין שולדיק אין דעם, וואָס ער איז קראנק. פון מיינעטוועגן זאָל ער זיין געזונט ווי אַ גוי, און איך אַרבעט מיר ווייטער.

אָפגעאַרבעט דעם טאָג, קומט צו מיר צו דער באָס און מאַכט צו מיר:

— מיסטער, איר דאַרפט זיך ניט מאַטריעך זיין קומען מאָרגן צו דער אַרבעט... אייער אַרבעט טויג ניט! איר פירט נאָר איבער גוטע פאָדעם...

זאָג איך: ס'איז דאָך דער ערשטער טאָג... מאָרגן וועט זיין בעסער – אירט זעען, גיט מיר אַ שאָו!...

מאַכט ער צו מיר: איך וויל אייך ניט געבן קיין שאָוס, און אָט איז... די טיר.

און ער שטופט מיך אַרויס מיט אַ מין רעציכע, אַז מע זאָל גאָר אָפגעהיט ווערן!

אַז איך בין שוין געשטאנען אינדרויסן, האָב איך באַ זיך געטראכט:

נאָך אַלעמען, איז דאָך טאַקע אַ גאָטס ראכמאָנעס אַף דעם קראַנקן אידן מיט די זעקס קליינע קינדער. לאָז ער בעסער האָבן די שטעלע... מיך וועט דער רועך ניט צונעמען.

אַז איך האָב געהונגערט אַזויפיל, וועל איך הונגערן נאָך אַ פּאָר טעג. איך קאָן ניט צוזען, ווי יענער ליידט.

אָט אַזאַ סאָרט מענטשל בין איך מיר!

---

# זעלבסטמערדער נומער 1.

ס׳וועטער איז געווען פיין, וואָס פיין קען נאָר זיין. דער הימל איז געווען — הימליש. די זון האָט געשיינט ווי — ווי זאָל איך אייך זאָגן? איר האָט אַמאָל געזעען, ווי אַזוי אַ זון טוט זיך אַ צעשטראַל אף זייטל 214 פון אַ ראַמאַן, בעשאס דער העלד גייט שפּאַצירן מיט זיין העלדינע? אָט אזא מין זון האָט געטון לייכטן אַף גאַנס דינסטיקדיקן הימל. ווייל עס איז געווען דינסטיק. שאַ. און עפשער האָבן מיר אַ טאָעס? — עפשער איז דאָס גאָר געווען מיטוואָך? אָדער דאָנערשטיק? ריכטיק! עס איז טאַקע געווען דאָנערשטיק (אָנמערקונג: נאָך גוט, וואָס מיר האָבן זיך געכאַפּט אין צייט!). און ווי מיר האָבן שוין פריער באַמערקט — איז דער טאָג געווען אַ לויטערער, אַ שיינער, אַ וואונדערבארער, כאָטש מיט אונזער געשיכטע האָט עס ניט וואָס צו טון. מיר דערציילן עס גלאַט אַזוי, פון פּינקטלעכקייט וועגן. מיר וועלן נאָך צוגעבן, אַז עס איז געווען דער וואַרעמסטער 24־טער אַווגוסט פאַר די לעצטע 18 יאָר, מיט אַ לייכטן ווינט פון דאָרעם־מיזרעך און אַ שוואַך רעגנדל אַרום פאַרנאַכט. טעמפעראַטור 106 (אבראהאם לינקאָלן: „איר קענט נאַרן איין מענטשן אַלעמאָל, איר קענט נאַרן אַלע מענטשן איין מאָל, איר קענט אָבער ניט נאַרן אַלע מענטשן אַלעמאָל”).

...אין אָט אזא טאָג איז יאָסל ב., אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר צוואַנציק — דרייסיק, אַרויס אין גאַס און האָט הינטער זיך איבער־געלאָזן אַלע פאַרגאַנגענע טעג פון זיין אַמאָליקער צוקונפט. נאָר איין קליין מאָמענטל — אַ שוואַרצס, אַ דערשלאָגנס, אַ נאַקעטס, אין הוילן העמדל — איז אים נאָכגעלאָפן פונהינטן און געשריגן: זעלבסטמאָרד! זעלבסטמאָרד! באַגיי זעלבסטמאָרד!

— טאַקע? — האָט יאָסל ב. געפרעגט. — דו מיינסט עס ערנסט, אָ, דו טרויעריק געגנוואַרטל מיינס!

— אַבסאָלוט! — האָט געענטפערט דאָס נאַקעטע מאָמענטל מיט די קרומע אויגן.

— וואָס איז דען דער מער מיט מיר? — האָט געפרעגט יאָסל ב. — סע גייט מיר ניט גוט? צי איך בין, כאָלילע, עפּעס ניט געזונט?

— ביידע זאַכן! — האָט געענטפערט דאָס מאָמענטל. — אי דו האָסט ניט קיין פּאַרנאָסע, אי דו ביסט קראַנק, צעבראָכן, מיד...

— עפּשער אַ האָף טון אַף בעסערע צייטן? — האָט יאָסל ב. געפּרוּווט זיך אָפּבעטן בא דעם פּעסימיסטישן מאָמענטל, — עפּשער אַוועקפאָרן אין צענטראַלן פּאַרק? — עפּשער עפּעס אַן אַנדער זאַך?

— הער אוף מיט דיינע רייד! — האָט זיך דאָס מאָמענטל אַ כאַפּ געטון פאר די אויערן, — כ'האָב פיינט, אַז מע רעדט פון האָפן, שמאָפן... ס'איז אַלץ נארישע רייד! האָסט שוין גענוג געהאָפט, אָ, מענטשנזון! און איצט איז די העכסטע צייט, דו זאָלסט זיך פילן פארצווייפלט. פארלאָז ניט די געלעגנהייט! אַזאַ שאַנס מאַכט זיך בלויז איין מאָל אין פופצן יאָר!...

— וואָס דארף איך טון? — האָט געפרעגט יאָסל ב. און אַ וואַרעמער האָגל האָט גענומען פאַלן פון זיינע אויגן.

— זעלבסטמאָרד! זעלבסטמאָרד! — האָט דאָס בייזע מאָמענטל גערעדט, — באגיי זעלבסטמאָרד, וועסטו זיך מעכאַיע זיין!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַז יאָסל ב. איז פארבייגעגאַנגען זיין היים, האָט ער ארופּגעוואָרפן אַ קוש צום פענצטער, זיך שטילערהייט געזעגנט מיטן אַלטן צימבל און מיט דעם נייעם זומער-קאַפּעלוש, וואָס איז געהאנגען אף דעם גאַז-רער, און ער האָט זיך פּלוצים דערמאנט, אַז ער איז שולדיק אין פאָלקס-ביבליאָטעק 8 סענט פאר די אי-בעריקע פיר טעג, וואָס ער האָט געהאַלטן טאָלסטאָיס צווייטן באַנד פון „קריג און פרידן". און דאַן איז אים געקומען אפן זין די אַלטע היים, די געזעלבסטמערדערטע טעג פון זיין פארגאַנגענהייט, זיין מוטערס אומפּייאיקייט צו באַקן קיכלעך, דער טייך פון זיין שטעטל, דאָס ווינער מיידל, וואָס פלעג זיך דאָרט באָדן אין בלויזן פאַרטעך, די ליימיקע בערג, די וו נטער-פּייערלעך פון

די ציגיינער, די שטייף-קנאקעדיקע אָנצוגן, וואָס ער פלעגט באַ-קומען אף יעדן פייסעך און וועלכע זיינען געווען געמאכט פון אזא הארטן שטאָף, אז די פלודערן האָבן אזש געקענט אליין שטיין, — דאָס אלצדינג איז אים איצט געקומען אַפן געדאַנק, איז איצט אָנגעפלויגן אף זיין נעשאָמע, ווי אַ מאכנע נאסע פייגל מיט ווייכע שמאַטע-פליגל, און ער האָט באשלאָסן צו פאָלגן דעם צורוף פון דעם פעסימיסטישן מאָמענטל, וואָס איז אים נאָכגע-לאָפן פונהינטן און געשריגן: זעלבסטמאָרד! זעלבסטמאָרד!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ער איז געבליבן שטיין פאר דער טיר פון א לאָמבאַרד, און-טער דעם באקאנטן סימוואָל פון די דריי באלן *), און ער האָט געקוקט. אין שוי-פענצטער פון דעמדאָזיקן געשעפט זיינען געלעגן אַלערליי רעוואָלווערן — קלענערע, גרעסערע, בעסערע, שענערע, מיעסערע.

— אויב שוין קויפן א רעוואָלווערל אַף צו באַגיין זעלבסט-מאָרד, איז כאָטש א גוטס, מיט א ביינערן הענטל! — האט געטראַכט יאָסל ב. — איך האָב פיינט די ביליקע רעוואָלווערלעך, וואָס אז דו שיסט מיט זיי אָפּ א יאָר—צוויי, ווערן זיי קאַלי און מ׳מעג זיי ארויסווארפן!...

און ווייטער האָט ער געטראַכט:

— זיך נעמען ס׳לעבן מיט א ביליק רעוואָלווערל האָט ניט קיין זין!... ניט אלע טאָג נעמט זיך א מענטש ס׳לעבן. און א דאָלאַר אָדער צוויי שפּילט ניט קיין ראָלע. דער איקער, עס זאָל זיין מיט אַ שיין הענטל — מיט א ביינערנס.

יאָסל ב. האָט זיך א טאַפּ געטון באַ דער צאָפּן-זייט פון זיינע הויזן, ארויסגענומען פונדאָרטן די סומע פון פיר דאָלאַר מיט פינפאונפערציק סענט, וואָס דאָס איז געווען זיין גאַנץ פאַר-מעגן, האָט עס צוריק אוועקגעלייגט אפן אָרט און איז אַריין אינעווייניק — קויפן דאס רעוואָלווערל.

— גוט מאָרגן.

— גוט יאָר. וואָס וועט איר זאָגן גוטס?

*) דריי באַלן אין דער פאָרם פון אַ סעגל זיינען אין אַמעריקע דער צייכן פון אַ לאָמבאַרד.

— פאראַן בא אייך עפּעס א גוט שיסערל, מיט א פּערלמו-טערן הענטל?

— פאראַן.

— עמעסע פּערלמוטער, צי געגנאַרטע?

— עמעסע פּערלמוטער!

— טאַקע?

— אַזוי זאָל מיר גאָט העלפן, ווי דאָס איז עמעסע פּערלמו-טער... איכ׳ל זיך ניט גיין שווערן אומזיסט צוליב אזאַ זאַך. אָט איז א רעוואָלווערל מיט א זעלטן הענטל. אימפּאָרטירט פון דער שוויץ. גיט עס א טאַפּ-אָן. נעמט עס אין דער האַנט אריין, מיסטער. האָט ניט קיין מוירע...

— סע שיסט?

— אוואַדע שיסט עס! וואָדען, סע שיסט ניט? אַזאַ גרויס שטיק גאָלד זאָל איך האָבן, ווי גרויס סע שיסט.

— און דאָס הענטל איז טאַקע אן אויסלענדיש?

— אן אויסלענדיש.

— קיין שענערן רעוואָלווערל האט איר ניט?

— איר דאַרפט נאָך א שענערס? דאָס איז ווייניק שיין?.. ס׳איז דאָך אן עסרעגל, ניט קיין רעוואָלווער.

— איר מיינט אזוי?

— איך מיין ניט. ס׳איז באַ מיר זיכער, ווי ס׳איז זיכער, אַז מיר האָבן א גאָט אף דער וועלט! וואָס וועט איר געבן דערפאַר? לאָמיר הערן?

— וואָס ווילט איר דערפאַר?

— פינף מיט א פערטל.

— איז ניטאָ וואָס צו ריידן. אויב איר ווילט פיר דאָלאר, וועל איך אייך געבן!

— אַף מיין וואָרט, אז איך קען ניט! פאַר פיר דאָלאר קאָן איך אייך געבן א רעוואָלווער מיט אַ פּליין-הענטל, ניט קיין ביינערנס.

— איז ניטאָ וואָס צו ריידן.

— איז ניטאָ וואָס צו ריידן.

און יאָסל ב. איז אַוועק.

אינדרויסן איז ער געבליבן שטיין פארן פענצטער, באַטראַכט דאָס זעלטענע שיסערל מיט דעם גלאַנציק בלוי-גרויען, פּערלמו-

טערנעם הענטל און ניט געקאָנט אוועקגיין דערפֿון. ס'האָט אים געצויגן צו דעם אויסלענדישן הענטל.

— א שאָד! אַ שאָד! — האָט ער גערעדט צו זיך אַליין. — אַזא רעוואָלווערל ווען איך האָב, גיב איך מיך א שיס און... גענוג, און איך בין פּאָטער פון דעם גאַנצן יאָמערטאָל מיט אַלע זיינע פריידן און ליידן!

עטלעכע שאָ האָט זיך יאָסל ב. אַרומגעדרייט אין גאַס — ניט-אהער, ניט-אהין. ס'האָט אים געצויגן צו דעם פרישן ביסל זעלבסטמאָרד. אָבער נאָך מער, ווי צו זעלבסטמאָרד, האָט אים געצויגן צו דעם שיינעם הענטל פון דעם רעוואָלווער...

אַז ס'איז געוואָרן נאַכט, איז יאָסל ב. אַוועק אהיים, אָפּגע-געסן נאַכטמאָל, זיך געלייגט שלאָפן און ניט פארגעסן אָפּן צו לאָזן דעם אייבערשטן טייל פונם פענצטער.

אינדערפרי, אַז ס'איז נאָר טאָג געוואָרן, האָט ער זיך אופֿ-געכאַפּט, אָפּגעטרונקען די גוטע קאַווע מיט שמאנט און איז אַוועק צום לאָמבאַרד.

— נו, וואָס הערט זיך? וויפל ווילט איר פאַרן רעוואָלווערל?

— פינף מיט א פערטל. אַן עק: זאָל זיין פינף! ניט ווייני-קער א גראָשן!

פיר און א האלב גיב איך אייך. מעזומענע געלט.

— וויס איך, וואָס איר רעדט!

— ער'ט בעסער ווערן — האָט געטראַכט יאָסל ב.

— אַ פערטל דאָלאַר האָט ער שוין אַראָפּגעלאָזט. מ'דארף זיך נאָר ניט איילן.

און ער איז אַוועק אהיים.

אין א וואָך אַרום, אַז יאָסל ב. איז צופעליק פאַרבייגעלאָפן דעם לאָמבאַרד, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער וויל זיך נעמען ס'לעבן, און ער איז אַריין אינעווייניק.

— נו, וואָס הערט זיך?... איר האָט נאָך דאָס רעוואָלווערל מיטן פערלמוטערנעם הענטל?

— מאָ'מיר נאָך!

— וואָס וועט עס קאָסטן?

— כ'האָב אייך דאָך געזאָגט! פינף דאָלאַר. דאָס איז די לעצטע פריינז.

— פיר מיט 75 וועט איר ניט נעמען?

— אַפילע ניט 4 מיט 99!

— אידישע געשעפטן! — האָט יאָסל ב. א טראַכט געטון. — קלוימערשט ער וויל ניט נאָכלאָזן... אָבער ער וועט בעסער ווערן. מ׳דאַרף זיך נאָר ניט איילן.

און ער איז אוועק.

אין א צוויי כאַדאָשים ארום איז יאָסל ב. ווידער פאַרבייגע-לאָפן דעם לאָמבאַרד, האָט ער זיך ווידער דערמאָנט, אז ער וויל באַגיין זעלבסטמאָרד, ווייל דאָס לעבן איז פוסט, און הויל, און נאַריש, און האַקל העוול... און—ער איז ווידער אַריין דינגען דאָס רעוואָלווערל.

וואָס הערט זיך מיט יענעם רעוואָלווערל?

— שוין פאַרקויפט.

— טאַ—קע? איז יאָסל ב. שיר ניט אומגעפאַלן פון יע-סורים.

— וואָדען? איכ׳ל וואַרטן אף אייך?

— א שאָד! א שאָד! — האָט יאָסל ב. געטראַכט, — געוועזן באַדארפט אים געבן נאָך 25 סענט און אַן עק... איצט — האָט ער ווייטער געטראַכט אף אַ גאַליצישן אידיש, — וועל איך שוין ל יי-דער גאָטעס מוזן בלייבן לעבן!... ווייל איכ׳ל זיך ניט צופאַסן קיין לייטישן רעוואָלווער... די אַמעריקאַנישע רעוואָלווערן, מ׳שטיינס געזאָגט! אָן כיין, אָן געשמאַק, אָן אלצדינג... און אַז מ׳שיסט דערמיט אָפּ א יאָר, מעג׳ן עס ארויסוואַרפן. אַז אַנ-צינדן — האָט ער געטראַכט — זאָל זיך אמעריקע מיט אירע רע-וואָלווערן! און א פייער — האָט ער געטראַכט — זאָל קומען אַפן קאַפּיטאַליסטישן קלאַס!... דערפאַר וואָס זיי האָבן קאָל האַוואויל-טאָגן, און מיר קאָנען זיך אַפילע נישט פאַרגינען זיך צו דער-שיסן איינמאָל אין עטלעכע יאָר מיט א לייטיש רעוואָלווערל, וואָס איז אימפּאָרטירט פון דער שווייץ. פאַרברענט זאָלן זיי ווערן!

— — — — — — — — — — — — — —

...היינט וועגט יאָסל ב. מיט 11 פונט מער ווי פריער. פאַר-מאָגט א פיאַנאָלע, אַ פרוי מיט צוויי קליינע... הינטלעך, אַן אַוו-טאָמאָביל, אַ גאַנג מיניקעס יאָנטעוו-בלעטער, דריי פּאָר ווייסע

פלאַנעלענע הויזן, אַן אויסגעשניטענעם אפענדיק, אַ געליבטע אין פילאדעלפיע, אַ מיינונג איבערן פּאַנאַמאַ-קאַנאַל, צוויי טעלעפאָן-ביכער, אַן אייל-בילד פון פּרעזידענט מ׳קינלי, פינף קאַשקעטן, א שוויגער, אַ בילד „סעפטעמבער-מאָרגן", א בערשטל אף צו פּוצן די נעגל, א שמאָל רעקל מיט קעשענעס אין דער זייט און א פּאָנאָגראַף מיט אלע לידער פון אידישן טעאַטר...

און ער איז דער גליקלעכסטער, דער לעבעדיקסטער, דער פרישסטער זעלבסטמערדער, וואָס מיר האָבן ווען עס איז געזען.

---

## זעלבסטמערדער נומער 2.

ער איז געווען יונג, ער איז געווען נאַריש, ער איז געווען פאַרליבט.

זיין ליבע איז געווען א טיפע. זיין ליבע איז געווען אַן ער־האַבענע. זיין ליבע איז געווען א פלאַמפייערדיקע. און אַליין האָט ער געהייסן הימלפעלד, אָדער עפעס אַן אַנדער נאָמען, וועלכן מיר קאָנען איצט ניט אויסטראַכטן, ווייל עס איז צו הייס אינ־דרויסן.

אַלזאָ, בלייבט עס הימלפעלד.

אַז הימלפעלד — ערשטער נאָמען: שמועל — האָט דערפילט, אַז ער איז פארליבט, שטארק, טיף און אומגעהייער, האָט ער זיך מעיאַשעוו געווען: וואָס וועט ער טראָגן זיין טיפע ליבע אין זיך? ער קאָן זי נאָך כאָלילע פאַרלירן. מ׳קאָן זי נאָך בא אים צוגאַנווענען. און ער וועט בלייבן אָן ליבע און אָן אַלעמען.

קעדיי צו פארהיטן דאָסדאָזיקע אומגליק, האָט זיך שמועל הימלפעלד מעיאַשעוו געווען: ווייסטו וואָס? ער וועט נעמען — טאַקע מיט דערזעלבער ליבע, וואָס ער טראָגט אין זיין האַרצן — און זיך פאַרליבן עפעס אין א מענטשן פון אַדעראבע, דעם קעגנזועצטן געשלעכט. „אַלציינס — האָט ער געטראכט — האָב איך שוין די פלאַמפייערדיקע ליבע, וועל איך זי אויסנוצן אף עמעצן, און לאָז זיך טון וואָס סע וויל!”

קאכאַווע. אונזער שמועל הימלפעלד האָט זיך פאַרליבט אין א מיידל, האָט איר אָנגעטרויט זיין טיפע ליבע, און אין לעוואָ־נעדיקע נעכט, ווען די גאַנצע וועלט איז כאָסן־באָכעריש בלאַס און נאַרישלעך — פלעגט אונזער שמועל הימלפעלד קריגן מוט און ארייַנברייַנגען איר האַנט אין זיינע און איר איבערציילן די

פינגער ביז פינף און — צוריק, און ווידער ביז פינף, און ווידער צוריק. דידאַזיקע ווילדע אָרגיען פון ציילן די פינגער, זיינען געווען באַגלייט פון א טיפן אַריינקוקן אין דער געליבטערס אויג. דערביי פלעגט ער קימאַט צולייגן זיין רעכטן אויג צו איר לינקן, אַ גלעט טון איר באַק מיט זיין ניט-געראַזירט פּאָנים, און מיט די אַנדערע (איינציקע) אויגן פלעגן זיי ביידע אוועקוקן אין דער פריקרער ווייטקייט, וואָס האָט זיך געצויגן אומיסנע פאַר זיי.

דאָס ציילן די פינגער איז אָבער געווען א זאַך, מיט וועלכער די צוקונפטיקע מאַדאַם שמועל הימלפעלד האָט זיך ניט צופרידנגעשטעלט. זי האָט געוואָלט מער ליבעס-אויסדרוק, זי האָט געוואָלט, מע זאָל זי אויסנעמען פון צייט צו צייט. זי האָט פאַרלאַנגט און געוואונשן און געטופּעט מיט איר שיכל, נומער 8, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. שמועל הימלפעלד איז געווען צופיל פאַרנומען מיט ציילן די מיידלשע פינגער ביז פינף און — צוריק. דידאָזיקע אַרבעט האָט ער געטון מיט פלייס, מיט פינקטלעכקייט, מיט אַלצדינג. און קעדיי דעם מיידל זאָל ניט ווערן לאַנגוויילִיק, פלעג ער, נאָכדעם ווי ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט די פינגער פון איין האַנט, זיך נעמען צו דער צווייטער. דערביי פלעג זיין גרויס, פישיק אויג ליגן קימאַט אף איִרן, און ער פלעג עפּעס מורמלען שטילערהייט פרעמדע, הימלווייטע, אומפאַרשטענדלעכע ווערטער.

האָט אים דאָס מיידל אַוועקגעוואָרפן.

און אז שמועל הימלפעלד האָט געזעען, אז זיין מיידל נעמט אים אָן באַם גייסטיקן „היינגער” און וואַרפט אים אוועק — נאָך דעם ווי ער האָט פאַר איר אזוי פיל געטון, נאָכדעם ווי ער האָט אַזוי פלייסיק געציילט די פינגער פון אירע הענט (איניינעם האָט עס שוין געהאַלטן באַ אנדערהאַלבן מיליאָן!) און נאָך דעם ווי ער האָט איר קימאַט אינגאַנצן אַרויסגעקוקט דאָס לינקע אויג, איז ער געוואָרן פאַרצווייפלט, מאָרעשכוירעדיק, אָפּגענאַרט, פאַרביטערט און ער האָט באַשלאָסן:

— פון היינטמאָל אָן — מער ניט א קוק טון אף א פרוי! און קעדיי זיך אַביסל צו פאַרטרייבן די ביטערע געדאַנקען און קעדיי ער זאָל ניט דאַרפן טראַכטן פון דער גאַנצער געשיכטע, האט שמועל הימלפעלד גענומען לייענען א צייטונג. אָבער, אַך! אין

דערזעלבער צייטונג איז געווען געדרוקט א בילד פון עפעס א מיידל, וואָס איז אַנטלאָפן פון דער היים, און וואָס מ׳ווייסט ניט וואו זי איז.

אז שמועל הימלפעלד האָט דאָס דערזעען, איז ער געוואָרן אופגערעגט און אויסגערופן: „פאַרברענט זאָלן זיי ווערן! אומעטום זיינען זיי דאָ!" און באַשלאָסן ניט מער אַריינצוקוקן אין א צייטונג, אָנשטאט דעם וועט ער זיך בעסער פאַרויכערן די ליולקע און אַזוי ליגן רואיק אפן בעטל און רויכערן.

ער האָט זיך געמיטלעך אַרויסגענומען פון דער הינטערשטער הויזנקעשענע א בלעכן שאַכטל מיט טאַבאַק און זיך געוואָלט אָנשטאָפן די ליולקע, אָבער פלוצים — זייער פלוצים האָט ער באַמערקט, אז אפן בלעכל מיט טאַבאַק איז פאַראַן א בילד פון א... מיידל.

— ניט אויסצוהאַלטן פון זיי! — האָט שמועל הימלפעלד אויסגערופן אינעווייניק בא זיך אַף א הויך קאָל — ניט אויסצוהאַלטן פון זיי... אומעטום זיינען זיי דאָ. וואו מען גיט זיך א ריר.

שמועל הימלפעלד האָט צוריק אריינגעלייגט די ליולקע אין קעשענע און מער ניט פארויכערט. עס איז אים שוין ניט געלעגן אין זינען. ער איז געווען פאַרביטערט, דערשלאָגן. ער האָט ניט געוואוסט וואו זיך אהינצוטון פון די פרויען, וואָס האָבן, ווי אים האָט זיך אויסגעדוכט, פאַרכאַפּט דעם גאַנצן ערדקוגל.

ער איז אַראָפּ אין גאַס, און דאָס ערשטע, אַף וואָס זיין בליק איז געפאַלן (אויב אַ בליק קאָן איבערהויפּט פאַלן!), איז געווען אַ ריזיקער טעאַטער-אַפיש מיט א בילד פון דער פרימאַדאָנאַ, וואָס שטייט און שמייכלט און שמייכלט און — הערט ניט אוף צו שמייכלען אַפילע אַף אַ מינוט, ווי עס איז די טעווע פון דאַמען, וואָס שמייכלען אַף טעאַטער-אַפישן...

— ווידער א פרוי! — אומעטום זיינען זיי פול. ניט אויסצוהאַלטן פון זיי — האָט געטראַכט שמועל הימלפעלד, און ס׳האָט אים גענומען שווינדלען פאר די אויגן, און ער האָט דערפילט, אַז ער פאַלט. — — —

אַז ער איז געקומען צו זיך, האט ער דערזעען, ווי ס׳שטייט לעבן אים א מיידל אָנגעטון אין ווייסן און — הייסט אים „נעמען אַ לעפל".

שמועל הימלפעלד האָט געגומען דאָס לעפּעלע מיט מעדיצין, נאָך א מאָל א קוק געטון אף דער מיידל אין ווייסן און — זיך געהייסן געבן זיינע קליידער. ער וויל גיין אַהיים, ער וויל דאָ ניט בלייבן. עס איז אים גאָרניט. ער איז געזונט.

אין א חאַלבער שאָ אַרום איז ער געשטאַנען אין שאָקלדיקן דרויסן און זיך אַרומגעקוקט. עס איז געווען נאַכטיק. אפן הימל איז געווען אַרויסגעשטעלט גאָטס שטענדיקע לעוואָנע. און אַז הימלפעלד האָט אף איר אַ קוק געטון, האָט זיך אים געדוכט, אַז די לעוואָנע האָט א גלאַט, מיידלש פּאָנים, מיט כיין-גריבּלעך, און אַז זי שמייכלט אַראָפּ מיט א בלאַס כויזעק-שמייכעלע אף דעם גאַנצן מאַנסבלשן געשלעכט.

הימלפעלד — אונזער באַליבטער הימלפעלד — האָט שוין מער ניט געקענט אויסהאַלטן... „די גאַנצע וועלט איז פּ אַ ר ו ו י- בּ ע ר ט — האָט ער געטראַכט — אומעטום, וואו מע גיט זיך א ריר, איז ענטוועדער א פרוי, אָדער א מיידל... און פאַר דעם עמעסן מאַנסבל, וואָס וויל אָפּלעבן אַלע זיינע יאָרן אַלס מאַנסבל, איז ניטאָ קיין אָרט, וואו ער זאָל זיך אַהינטון".

ש. ה. האָט זיך אויסגעטונקען א טרער פון דער באַק (פּאַר-כאַפּט, הייסט דאָס, דידאָזיקע טרער, איידער זי איז אַראָפּגעפאַלן אַף דער ערד), דאן האָט ער, אף דעמזעלבן אופן, פאַרכאַפּט אין צייט נאָך עטלעכע פרישע, ערשט-אויסגעאויגנטע טרערן, האָט נאָכאַמאָל א קוק געטון צו דער שמייכלדיקער לעוואָנע מיט דעם גלאַטן ווייבערשן פּאָנים און ער האָט באַשלאָסן, אַז עס איז א גרויס ראַכמאָנעס, וואָס ער דאַרף נעבעך גיין פון דער וועלט יונגערהייט, אין מיליטער-עלטער. אָבער ס'איז פאַרפאַלן.

הימלפעלד האָט זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פון אַן אַפּטייק. באַלד איז ער געשטאַנען לעבן שוי-פענצטער, אין וועלכן עס איז געווען אויסגעשטעלט אַלערליי כירורגישע זאַכן און מע-דיצינען, און צווישן זיי אלע איז געזעסן א מיידל מיט לאַנגע צעפּ און באַוויזן ווי אזוי דאָס „ווענוס האָרמיטל", וואָס קאָסט בלויז א דאָלאַר מיט 25 סענט, טוט אוף וואונדער שעבּעוואונ-דער, און די גאַנצע גאַס פרויען זיינען געשטאַנען אף דער דרויסנדיקער זייט פונם זעלבן פענצטער און זיך צוגעקוקט...

— אומעטום זיינען זיי דאָ... אזוי ווי די הײַשעריקן — צום גוטן יאָר! — האָט הימלפעלד א זאָג געטון צו זיך זעלבסט, געטון אַ טיפן זיפץ און איז אריין קויפן אַזאַ מין סאַם אף צו נעמען זיך דאָס לעבן.

בײַ דער אפטייק-וואָג איז געשטאַנען א מיידל אָנגעטון אין ווייס-פּאַפּירענע מאַנזשעטן און אים געפרעגט וואס ער וויל. הימלפעלד האָט אָנגערופן דעם נאָמען פון דעם גיפט, א טראַכט געטון „ווידער א פּרוי", און מיט א קלוימערשט-רואיקן קאָל האָט ער זיך געהייסן פאַרקויפן דעמדאָזיקן גיפט.

אז ער איז ארויסגעקומען מיט דעם פלעשל סאַם, האָט ער פאָרזיכטיק בײַם שיין פון א לאַמטערן א קוק געטון אפן צעטל, קעדיי צו זען, צי דאָס איז דער ריכטיקער סאם. אָבער, אך, וואס האָבן זיינע אויגן געזען? זיינע אויגן האבן געזען, אז אף דעם צעטל, וואָס איז געווען אָנגעקלעפּט אף דעם פלעשל, איז געווען דאָס בילד פון א שמייכלדיק מיידל — פון א מיידל, וואָס שמייכלט רואיק אף זיין אונטערגאַנג, אף זיין אומגליק.

— זאָל גיין אין דר׳ערד דער סאם מיט אַלעמען! — האָט שמועל הימלפעלד א זאָג געטון און פון זיך א שליידער געטון ס׳פלעשל, — אומעטום, וואו מען גיט זיך א ריר-צו, געפינט מען א פּרוי... דער גאַנצער ערדקוגל איז אָנגעפילט מיט זיי. אַפילע אף די פלעשלעך סאַם זיינען זיי אויך פאַראַן!

— — — — — — — — — — — — —

און שמועל הימלפעלד, וואָס איז געווען א שטיקל דיינקער, האָט באַשלאָסן, אַז אַזוי — צי אזוי, אין לעבן, צי אין טויט, אינגאַנצן פּאָטער ווערן פון דער פּרוי קען מען ניט.

און שמועל הימלפעלד איז געבליבן אומגעהייער לעבן, ביז צום היינטיקן טאָג!...

---

# דער „אינטעליגענט“.

מיין נאָמען איז איסראָעל לעווין. איך בּין א נידעריק-געוואַקסן מענטשל מיט א שוואַכן כאַראַקטער. פאַרהייראַט בּין איך ניט — כאָטש איך בּין זייער מעקאַנע דאָס פאַמיליען-לעבּן. די אורזאַכע איז א גאַנץ איינפאַכע: איך בּין א שטיקל מעשוגענער. אז איך פאָר מיטן עלעווייטאָר, דוכט זיך מיר אלץ, אז אָט, אָט קערט ער זיך איבּער, און איך זיץ אימער אף דער זייט, וואו עס זיינען פאראַן ווייניקער מענטשן, קעדיי עס זאָל ניט אַריבּערוואַזשען. פיל מאָל, ווען איך שטיי לעבּן דער „לעבּעדיקער רעלסע“ אין סאָבּוויי, שטופּט עס מיך עפּעס ווי מיט געוואַלט איך זאָל דאָס אָנרירן מיט דער האַנט. און אז איך האלט זיך איין פון צו טון עס, איז עס מיט דער גרעסטער אָנשטריינגונג.

געלערנט האָבּ איך אַסאַך. און גרינטלעך געלערנט, און טיף געלערנט. בּין גענוי בּאַקאַנט מיט פילע פילאָזאָפישע סיסטעמען — אַלטע און נייע. האָבּ שטודירט פאַרשיידענע וויסנשאַפטלעכע אינ-יאָנים. געלערנט פאָליטישע עקאָנאָמיע. געגריבּלט זיך אין דער שיינער ליטעראַטור, געקאָנט אַסאַך קלאַסיקער אף אויסווייניק, און פון דעם אַלעמען — בּין איך אויסגעוואקסן א קראַנקער און אומנוצלעכער מענטש.

מיין בּאַהויפּטונג: וואָס מער דו ווייסט — אלץ ווייניקער פאַרשטייסטו. דאָס וויסן איז דער שטראָם, און דאָס ניט-וויסן איז דער קוואַל, פון וועלכן דער שטראָם גייט. איך פאַרגלייך אויך דאָס וויסן צו קליינע רע-טונגשיפלעך אין א האַפן. שטעלסטו אָן צופיל שיפלעך, קענ-סטו זיי ניט בּאַוועגן אין צייט ווען דו נייטיקסט זיך אין זיי. אָנפלאַנצן אין קאָפּ צופיל געדאַנקען, הייסט שטעלן אין געפאַר

דאָס לעבן פון יעדן געדאַנק. דען אויך געדאַנקען זיינען פאראַן לעבעדיקע און טויטע.

מיינע — זיינען טויטע געדאַנקען.

די אַלטע עמעסן, זאָג איך, איסראָעל לעווין, האָבן שוין זייער פּרוכטבאַרקייט פאַרלוירן — פון בלויזער אַלטקייט. און די נייע עמעסן זיינען נאָך קליינע קינדער, האב איך זיך פיינט מיט זיי צו שפּילן. איך האָב אַלץ מוירע, זיי וועלן מיך פאַרשמירן.

אַמאָל בין איך געווען פאַרליבט. סאַ געלעכטער! א געלערנטער מענטש — פאַרליבט זיך מיטאַמאָל אין א באַשעפעניש, וואָס אונטערשיידט זיך פון אים בלויז מיט א קלייניקייט, און עס האָט ניט אַפילע דעם אינטערעס פון א שטודיום.

מאָדנע!

מיילע. איך האָב זיך פאַרליבט. אין וועמען מיינט איר, לע-מאָשל? אין אן אַלטער דאַמע מיט גרויע האָר. זאָל איך אַזוי זיין געזונט, ווי איך זאָג ניט קיין ליגן!

איך האָב זי דערזועען אין פּאַרק. פאַרנאַכט. א פויגל דאָ און דאָרט. א מעשוגענע קאָמבינאַציע פון ליכטפאַרבן. און שלאַנקע איידעלע ביימער האַלטן די הענט אויסגעשפּרייט און ווילן עמעצן כאַפּן. זי איז געזעסן אף א באַנק מיטן בינאָקל אין האַנט און געלעזן א טויטן-רעשימע אין א צייטונג. אירע האָר זיינען געווען אזוי אַריסטאָקראַטיש-גראָ, איר פּאָנים צאַרט, אביסל גע-רויטלט און פיין געקנייטשט פון פיל מאַסאַזשירן.

— ליבע, אלטע דאַמע! — האָב איך זי אדרעסירט — ליבע, אַלטע דאַמע, איך, דער יונגערמאַן, איסראָעל לעווין, האָב אייך ליב אף אן עמעס. קיינע אָנשטעלן. זאָ וואַהר מיר גאָט העלפט! און איך האָב זי אַרומגענומען און געקושט אירע קאַלטע ליפּן.

... עס איז אַרויסגעקומען א סקאַנדאַל. זי האָט געמיינט, אַז איך בין ניט בא די ריינע געדאַנקען, נאָך איר מיינונג האָב איך זיך באַדאַרפט פאַרליבן אין אן אומשולדיק מיידל — ווי מיין טאַטע, אָלאָוו האַשאָלעם, האָט געטון. אזוי פירט זיך די וועלט. איך טראַכט אָבער אַנדערש. איך טראַכט: אז די וועלט איז מיין סוינע — וויל איך איר טון אפּצעלאָכעס.

אזא געדאַנק בא מיר!

דערנאָך — איך מיש, דוכט זיך, איינס, מיט ס׳אַנדערע, נאָר ס׳מאַכט נישט! — דערנאָך, האָב איך געקראָגן א באַשטעלונג פון א באַקאַנטן זשור־נאַל. איך האב באַדאַרפט שרייבן וועגן דער שעד-לעכער ווירקונג פון אַלקאָהאָלישע געטראַנקען. אז איך נעם אונ-טער א זאך, האָב איך עס ליב צו טון גרינטלעך. האב איך אַליין געוואָלט אויסגעפינען די באַרוישנדיקע ווירקונג פון די גיפטיקע מאַשקאָעס. איך זאָל עס קאָנען באַשרייבן מיט גענויקייט — ווי עס פאַסט פאר א מענטש, וואס איז איבערגעגעבן דער וויסנ-שאַפט.

ביז דעמאָלט האָב איך קיינמאָל ניט געהאַט געטרונקען קיין שאַרפע געטראַנקען. איך האָב עס באַטראַכט פאר א שעדלעכע זאַך. א מענטש דאַרף ליידן, און וואָס מער, וואס טיפער ער ליידט, אלץ מענטשלעכער ווערט ער...

מיין אייגענע אנשויאונג!

איך אליין בין צו זיך זייער שטריינג!

אָפטמאָל באַליידיק איך זיך, ווי דעם ערגסטן, און פאַטש זיך זאָגאַר אָן די באַקן.

נאָר איצט איז עס געווען א פראַגע פון ערלעכקייט. א ריינע פען האב איך טאָמיד געהאַט, כאָטש ס׳מויל איז באַ מיר שמו-ציק. די מייסטע שריפטשטעלער זיינען אַזוי.

בין איך אַוועק אין א שיינק און — גענומען א גלעזל בראָנפן. פע! א מאָדנער טאַם. אַזוי האָב איך טאַקע פאַרשריבן אין מיין נאָטיץ-ביכל. האָב איך געפרואווט נאָך א גלעזל — איז שוין געווען בעסער. א וואַרעמקייט אין די אינגעווייד. א שטילע פריילעכ-קייט. האב איך געפרואווט נאָך איינס און נאָך איינס א. ז. וו. בין איך געוואָרן אופגעמונטערט, לייכט... האָב געוואָלט אָפקויפן באַם שיינקער דאָס גרויסע בילד, וואָס איז געהאַנגען אפן וואַנט איבערן בופעט. אים אָנגעבאָטן עלף טויזנט דאָלאַר, אכוץ פראָ-צענט אפן געלט. דריי און א האלב פראָצענט האָט ער ניט גע-וואָלט. האָב איך אים אַרומגענומען און וואַרעם געקושט — אזא ליבלעכער מענטש דער קעלנער! אַזוי גיך ווי איך קריג אַריין דאָס געלט פון מיין יערושע — גיב איך אים איבער דעם שליסל. און — ס׳איז מאָדנע! אַנדערע, אז זיי טרינקען, ווערן זיי שיקער און הייבן אָן פאַלן פון די פיס. איך בין, ווייזט אויס, גאָר אן

אַנדער מין מענטש, איך האַלט זיך פעסט, ווי אייזן. נאָר די פּאָד-לאָגע איז עפּעס אזא ווייכע, ווי פון גומי. צו וואָס מאַכט מען אַזעלכע ווייכע פּאָדלאָגעס? נאָר מיסטאָמע איז א סייכל דערביי. יעדנפאַלס — אויב כאַסענע האָבן — איז מיטן שיינקערס פרוי. איך האָב זיי ביידן מאָדנע ליב. און די פינקלדיקע ברילִיאַנטן, וואָס זיינען די גרייס, ווי גלעזער — גיב איך איר אלע אַוועק. העי, קעלנער, קום אַהערצו מיטן טאַץ און נעם צו די ברילִיאַנטן, איי-דער זיי צעשיטן זיך. איך שריי ניט. אַדעראַבע, איך רעד זייער שטיל. איך ווייס ניט פאַרוואָס — נאָר עפּעס שעם איך זיך הויך רעדן. נאָך זייער כידעשט מיך, וואָס מע נעמט מיך אַרום פון ביידע זייטן און מע וויל מיך אַנידערלייגן. וואָס פאר א שלעכטס האָב איך דען עמעצן געטון? איך, איסראָעל לעווין, וועל זיך ניט לאָזן בעשומויפן — כאָטש איך בין א דערשלאָגענער מענטש און א גרויסער שוואַכלינג! הייַנטיקס מאָל וויל איך זיי ווייזן, אז זיי זאָלן ניט מיינען דאָס-ע — — — — — — — — — —

זיי זאָלן ניט מיינ-ען, זאָלן זיי ניט. אַזעלכע סמאַרקאַטשעס אַ-ז-ע-ל-כ-ע!!

---

## פאַרשלאָפן א וועלט-אונטערגאַנג.

ער איז געווען א שלעפעריקער, באַ יעדער געלעגנהייט איז ער געשלאָפן. אומעטום: אף אַלע גרעסטע פאַרזאַמלונגען, אף אַלע קאָנצערטן, אף אלע וויכטיקע צונויפקומונגען — האָט מען געקאָנט זען, ווי ער זיצט און שלאָפט.

און שלאָפן פלעג ער אין אַלע מעגלעכע און ניט מעגלעכע פּאָזעס. ער פלעג שלאָפן מיט די עלנבויגנס אין דער לופטן און די הענט אפן קאַרק; ער פלעג שלאָפן שטייענדיקערהייט אָנגעשפּאַרט אין זיך זעלבסט, קעדיי ער זאָל ניט אומפאַלן. ער פלעג שלאָפן אין כיידער, אין גאַס, אין קלויז. וואו ער פלעג גיין, פלעגן זיינע אויגן גיסן מיט שלאָף. דער שלאָף פלעג שטענדיק רינען פון זיינע אויגן און לאָזן פון זיך א שפּור אומעטום. שכיינים האָבן וועגן אים דערציילט, אַז ער האט שוין פאַרשלאָפן זיבן גרויסע סרייפעס, און אייגמאָל — באַ א גאָר גרויסער סרייפע — האָט מען אים אַרויסגענומען פון בעט א שלאָפנדיקן און אים אַוועקגעלייגט אפן טראָטואַר; איז ער אַזוי אָפּגעשלאָפן עטלעכע שאָ, ביז וואַנען א שפּיטאָל-וואָגן איז געקומען און אים אַוועקגעפירט אהין, וואו מע באַדאַרף.

מע האָט אויך דערציילט, אז בעשאַס דערדאָזיקער איד איז געשטאַנען אונטער דער כופּע און געזאָגט דעם „הרי את״ איז ער באַ דעם וואָרט „מקודשת״ אנשלאָפן געוואָרן און מע האָט אים געמוזט קלאַפּן איבערן קאָפּ עטלעכע שאָ נאָכאַנאַנד, ביז וואַנען מע האָט אים אופגעוועקט, און אז מע האָט אים שוין אופגעוועקט, האָט ער פאַמעלעך אופגעעפנט די אויגן, א זאָג געטון דאָס וואָרט „לי״, וואָס עס קומט נאָך דעם וואָרט „מקודשת״, און איז ווידער אַנשלאָפן געוואָרן.

מיר דערציילן דאָס אלצדינג, קעדיי איר זאָלט גלויבן אף אונזער העלד אויך די פאָלגנדיקע מאַיסע:

איינמאָל, בעשאַס ער האָט זיך געלייגט שלאָפן, איז ער געשלאָפן און געשלאָפן און געשלאָפן; נאָר אין שלאָף האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז סע דונערט אינדרויסן, און אז דאָס בעט זיינע שאָקלט א קאַפּיטשקע; האָט ער אין שלאָף געמיינט — אַז סע רעגנט אינדרויסן, איז אים דער שלאָף געוואָרן נאָך מער באַטאַמט. נאָך מער צום האַרצן, האָט ער זיך אפּס פריש איינגעוויקלט אין דער קאָלדרע און איז אַנשלאָפן געוואָרן מיט גרויס געשמאַק און זעלבסטוואַרעמקייט.

אַז ער האָט זיך אופגעכאַפּט, האָט ער דערזען אַרום זיך א מאָדנע ליידיקייט:

זיין פרוי איז ניט געווען, זיין בעטל איז ניט געווען, זיין קאָלדרע איז ניט געווען. האָט ער געוואָלט אַרויסקוקן דורכן פענצטער, איז ניט געווען קיין פענצטער, דורך וועלכן אַרויסצוקוקן. האָט ער געוואָלט אַראָפּלויפן די דריי שטיגן און שרייען געוואַלט, האָט ער ניט געהאַט קיין שטיגן, אף וועלכע אַראָפּצולויפן, און קיין לופט אין וואָס אַריינצושרייען. האָט ער גלאַט אַזוי געוואָלט אַרויסגיין אינדרויסן, האָט ער דערזען, אַז ס'איז ניטאָ קיין דרויסן, אויסגערונען געוואָרן.

א ווילע איז ער געשטאַנען, ווי צעטומלט, און ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז; נאָכדעם האָט ער זיך מעיאַשעוו געווען: ער וועט זיך לייגן שלאָפן, האָט ער אָבער דערזען, אז ס'איז ניטאָ אַפילע קיין הוילע ערד, אף וועלכער זיך צו לייגן שלאָפן. ערשט דעמאָלט האָט ער צוגעלייגט צוויי פינגער צום שטערן און געטראַכט: אָט, אפּאָנים, אַז איך האָב פאַרשלאָפן א וועלט-אונטערגאַנג. ס'אַ שיין פעקל!

אים איז געוואָרן אומעטיק. ניטאָ קיין וועלט, האָט ער געטראַכט, וואָס-זשע וועט ער טון אָן אַ וועלט? וואוהין וועט ער גיין ארבעטן? און פון וואָס וועט ער מאַכן אַ לעבן? ביפראַט איצט, אַז עסנוואַרג איז אזוי בראנדטייער און אייער איז 1.20 סענט אַ טוץ און ווער ווייס, צי זיי זיינען פרישע, און וואָס וועט ווערן מיט די פינף דאָלאר, וואָס סע קומט אים פון דער גאַז-געזעלשאַפט? און וואו איז אַהינגעקומען זיין ווייב, צום

גוטן יאָר? איז מעגלעך, אַז זי איז אויך אונטערגעגאַנגען צוזאַ-מען מיט דער וועלט און מיט די דרייסיק דאָלאר, וואָס ער האָט געהאַט אין דער הויזנקעשענע? און זי איז דאָך פון דער נאַטור, טראַכט ער, ניט געווען קיין אונטערגייערקע — דאָס ווייב זיינס. און וואָס וועט ער טון, אַז ער וועט זיך וועלן לייגן שלאָפן?... אף וואָס וועט ער זיך לייגן, אַז ס'איז ניטאָ קיין וועלט? און עפשער וועט אים קווטשן? און ווער וועט עס אויסענדיקן דאָס פעקל אַרבעט, וואָס ער האָט איבערגעלאָזן אין שאַפּ? און טאָמער וועט ער וועלן אַ טעפּעלע זויערמילך, וואו וועט ער נעמען?

„פּכע! האָט ער געטראַכט, געזען אַמאָל אַזוינס? אַ מענטש זאָל זיך לייגן שלאָפן מיט דער וועלט אונטערן רוקן, אין זאָל אופשטיין אָן אַ וועלט... הען אַביסל!"

און ווי אונזער העלד איז אזוי געשטאַנען אין די אונטערוועש און געטראַכט וואָס צו טון, איז אים איינגעפאַלן. אַז כאַפּט עס דער רוען! מיילע, איז ניטאָ קיין וועלט! וואָס זאָל מען טון? אונטערגעגאַנגען, איז פארפאלן! וועט ער אַוועקגיין אין קינאָ און זיך אַביסל פארווילן די צייט. אָבער צו זיין גרויס איבעראַשונג האָט ער דערזען, אַז אין איינעם מיט דער וועלט זיינען אויך אונטערגעגאנגען קינאָ-טעאַטערס מיט אַלעמען.

אַ שיין כאַסנקעלע האָב איך דאָ אָנגע-אַרבעט! — האָט געטראַכט אונזער העלד, און זיך גענומען גלעטן די וואָנצעס מיט דער לינקער זייט פון זיין האַנט און האָט ווי-טער געטראַכט: אַ שיין כאַסנקעלע האָב איך דאָ אָנ-געאַרבעט מיט מיין שלאָף! אַז איך וואָלט ניט געווען פּאָפן אזוי שטאַרק — האָט ער זיך אליין געזידלט, — וואָלט איך כאָטש געווען אונטערגעגאַנגען גלייך מיט אלעמען. אזוי בין איך כאָלילע אומגליקלעך; און וואו וועל איך באקומען אַ טעפּעלע זויערמילך? כ'האָב האָלט אלע אינדערפרי צו טרינקען אַ גלעזל זויערמילך. און מיין פרוי? ווער ווייסט, מיט וועמען זי איז אונטערגעגאנגען? עפשער איז זי אונטערגעגאנגען מיט דעם שניידערל פונם 5-טן שטאָק, וועל איך זי דערהאַרגענען. זאָ וואַהר מיר גאָט העלפט?

ווער ווייסט ווי שפעט ס'איז שוין?

בא דידאָזיקע ווערטער האָט אונזער העלד געוואָלט אַ קוק טון אף זיין טאַשן-זייגערל, אָבער ער האָט עס ניט געקאָנט געפינען, ער האָט געזוכט מיט ביידע הענט אין דער רעכטער און לינקער קעשענע פון דער ריזיקער ליידיקייט, אָבער ער האָט ניט געקאָנט אָנטאַפּן קיין שום זאַך.

ערשט באַצאָלט צוויי דאָלאר פאַר אַ זייגערל און ס'איז שוין אונטערגעגאנגען, האָט ער געטראַכט. מיילע, אז די וועלט איז אונטערגעגאנגען, — האָט ער זיך ווייטער געפּלאָנטערט אין געדאנקען, — אַרט מיך נישט, ס'איז ניט מיין וועלט, אָבער דאָס זייגערל! פארוואָס זאָל מיין זייגערל אונטער-גיין? אַ ניי זייגערל פאַר צוויי דאָלאַר, און ס'איז ניט אָנגעצויגן, מע דאַרף עס אָנציען.

און וואו וועל איך נעמען אַ טעפעלע זויערמילך?

כ'האָב האָלט צו טרינקען אַ טעפעלע זויערמילך אַלע אינ-דערפרי. און ווער ווייסט, צי מיין פרוי איז ניט אונטערגעגאנגען מיט דעם שניידערל פון 5-טן שטאָק און איך האָב פאַרשלאָפן אַזאַ גוואלדיקע וועלט-אונטערגאנג; מעג ניט קומען אף מיר אַ פינצטער יאָר, אַ וויסט? גוואלד! גע-וואלד!... האָט ער גענו-מען שרייען. וואו איז געוועןמיין סייכל? פאַרוואָס האָב איך ניט געהאַלטן קיין אויג אף דער וועלט און אף מיין פרויקע? פאַרוואָס האָב איך זיי געלאָזט אונטערגיין אַזוי יונג? גע-וואַלד!...

און אונזער העלד האָט זיך גענומען שלאָגן דעם קאָפּ אָן פּוסטקייט, נאָר אַזוי ווי די פּוסטקייט איז געווען זייער אַ ווייכע, האָט עס אים ניט געשאדט, און ער איז געבליבן לעבן צו דער-ציילן דידאָזיקע געשיכטע.

---

## צימעס.

איסאָסכאָר איז דער נאָמען פון אַ הויכן, געשטופּלטן באָכער, וועלכן מיר דערוויילן אַלס העלד פון אונזער געשיכטע.

מיר שטעלן זיך אים פאָר אָט-אַזוי: אַ לאנגער, אַ פלאַכער, ווי אויסגעוואַלגערט מיט אַ קאַטשלקע, פינטלט קעסיידער מיט די אויגן — פון שוואַכקייט, אָנשטאָט בלוט, רינט בא אים אין די אָדערן וואַרעמער בוימל.

עני-בעסי, אָדער כאַנע-באַשע איז דער נאָמען פון אַ געפּאַק-טער מויד — אַ געזונטע, ווי אן אייזן, מיט אַ רויט פּאָנים, רויטע הענט, רויטע אויגן און רויטע קאַרשן-ליפּן, ווי אין שאָמערס אַ ראָמאַן.

דידאָזיקע עני-בעסי ווערט פון אונז באַשטימט אלס העלדן. און מיר טרעטן-צו צו דער — הומאָרעסקע.

אַז איסאָסכאָר האָט ליב געהאַט עני-בעסין איז זעלבסט-פאַרשטענדלעך. לעמאי זאָל ער זי פיינט האָבן? ביפראַט, אז זיי זיינען ניט קיין פרעמדע, אז זיי אַרבעטן אין דערזועלבער — הומאָריסטישער דערציילונג!

האָבן זיי זיך, אַלזאָ, פארליבט. גוט. זאָל זיין אין אַ מאַזלדי-קער שאָ. מירצעשעם בא אונזערע קינדער, נאָר מיט אַ גרינגער האַרץ!

געזאָגט — מוז געזאָגט ווערן, אַז מיר, דער שרייבער פון דיזער מאיסע און איסאָסכאָר, זיינען שטיקלעך קאָלעגן פער פראָפעסיע. ער שרייבט אויך.

צי ער שרייבט בעסער פון מיר, אָדער איך שרייב ערגער פון אים — איז איצט ניט די פראַגע. איצט האַנדלט זיך בלויז וועגן קלאָר מאַכן אַ פונקט אין זיין ביאָגראַפיע און אויך פאַר

איין וועג צו געבן אַן אָנצוהערעניש. אַז אזוי ווי ער איז אַ שרייבער, איז ער שוין בעמיילע אַ גרויסער שלוּמיעל — וואָס טויג ניט אַ קאָץ אַן עק צו פארבינדן.

פונקט דער היפּעך פון אים איז עני-בעסי. ערשטנס, איז זי אַ מיידל, אַ זאך, וואָס איסאָסכאָר איז ניט. און, צווייטנס, איז זי אַ לעבעדיקע, אַ טאַנצנדיקע און — אַ גרויסע בעהיימע.

ווי דער שטייגער איז!

אַזוי גיך ווי איסאָסכאָר האָט זיך באַקענט מיט עני-בעסין, האָט עס אים אַ צי געטון צו איר — ווי מע זאָגט, אַז סע האָט אים ניט אָפּגעלאָזן. געווען איז דאָס בא איר אַ מומען אין הויז, ערגעץ אף פערטער סטריט. מע האָט געפּראַוועט עפּעס אַ קער-מעשל און איסאָסכאָר, אַלס אַ לאַנדסמאַן און אלס אריינשטעלער אין די „בלעטער", איז פארבעטן געוואָרן צו קומען באשיינען די סימכע.

איז ער געזעסן לעבן עני-בעסין און נישט געוואוסט, וואָס טוט מען: צי זאָל ער רעדן פון — צימעס, צי ניין?

אָבער דאָ בעט זיך שוין ווידער אַ שטיקעלע דערקלערונג. איסאָסכאָר, דאַרפט איר מיר גלויבן אפן וואָרט, האָט געהאַט בלויז איינאיינציקע טעמע: צימעס. איבער צימעס האָט ער געקענט ריידן צו יעדער צייט און בא יעדער געלעגנהייט. צימעס — דאָס איז געווען זיין שטאַרקע זייט.

וועגן צימעס האָט ער געהאַט אַ מאַסע געזאַמלטע וויצן, עטלעכע אַנעקדאָטן, צוויי מאַיסעלעך און איבער אַ טוץ גלייכ-ווערטלעך.

דערזעען, אַז אף דער אַנדער זייט פון עני-בעסין זיצט עפּעס אַ באָכער און שטיפּט מיט איר אַף וואָס די וועלט שטייט, איז איסאָסכאָר געוואָרן אופגערעגט און האָט געטראַכט:

אָט באַלד וועל איך רעדן וועגן צימעס!

יענער באָכער (דער, וואָס אָן צימעס!) האָט זיך דערווײַלע געטון, וואָס אַ באָכער דארף: פארקניפּט מיט איר אַ שמועס, איר דערציילט ס'אַראַ גרויסער פאַרדינער ער איז און פון וואָס פאר אַ שיינע פאַמיליע ער שטאַמט, און —

פיין!

ניין. ניט פיין! אָפּשײַלעך! העסלעך! נידערטרעכטיק! אַזוי האָט בא זיך געטראַכט איסאָסכאָר, און ער האָט באַשלאָסן צו רעדן וועגן צימעס.

— פרײַלײַן! — האָט ער אָנגעהויבן און זיך געווענדעט צו דער געוויסער עני-בעסין, — פרײַלײַן, איך טראַכט איצט וועגן אײַך און וועגן — צימעס.

— אָלרײַט! זייער שיין פון אײַך! — האָט זי אָפּגעענטפערט מיט אַ געלעכטערל און זיך בעשאַס מאיסע אונטערגעהאַלטן מיט דעם אַנדערן באָכער — דעם, וואָס אָן צימעס.

— פרײַלײַן! — האָט איסאָסכאָר געגומען זיך צוקלעפּן מיט זיין צימעס — פרײַלײַן. ווייסט איר, וואָרום איך טראַכט וועגן אײַך אין פאַרבינדונג מיט צימעס?

— לאָמיר אַזוי וויסן בייז! — איז זי געווען אָפּנהערציק.

— ווייל צימעס, — האָט זיך איסאָסכאָר צעלאָזן, — ווייל צימעס איז דאָס יאָנטעוודיקע פון דער שפּײַזן-וועלט. פּונקט ווי אַ שיין מיידל איז דער יאָנטעוו פון דער וועלט-שפּייז — כע כע!

אָבער עני-בעסי איז געבליבן ניט באַוועגלעך, ווי אַ מיל אַף דעם לייוונט פון אַ האָלענדישער לאַנדשאַפט.

— איר זאָגט צימעס! — האָט זיך איסאָסכאָר ווידער איינגעגעסן אין עני-בעסין, — צימעס איז ניט גלאַט אַ באַגריף. עס שטאַמט פון די צוויי ווערטער: צום-עס — צום עסן, הייסט דאָס, אָדער, אַז ניט קען מען זאָגן, אַז עס שטאַמט פון די העברייאישע ווערטער: „צא מת"!

— צימעס! — האָט ער זיך צעהיסלאַוועט, — צימעס איז דער סאַמע איקער פון לעבן. אַ מענטש, מאַכט ער, קען לעבן אָן אַ פּוס, אָן אַ האַנט, אָן פּאַרנאָסע, אָבער אָן צימעס קען דער מענטש ניט לעבן. ווי ניטשע, מאַכט ער, האָט אַמאָל געזאָגט: דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן איז בלויז אַ צימעס, אַ שטרודעל, א... א...

דאָ איז איסאָסכאָר געבליבן שטיין. אריינגעצויגן אָטעם דורך די ברייטע נאָזלעכער און — געקוקט אף עני-בעסין און אף דעם באָכער, וואָס איז געזעסן לעבן איר — אף דער צווייטער זייט. ביידע זיינען איצט געווען פאַרטיפט אין קוקן זיך איינס ס'אַנדערע אין די אויגן און — זיפצן.

„איכל נאָך רעדן וועגן צימעס!״ — האָט געטראַכט איסאָסכאָר, און זיך געווישט דעם שווייס פון שטערן.

און ער האָט טאַקע געהאַלטן וואָרט אויך. עס איז ניט אַוועק קיין פינף מינוט, ווען מען האָט צוגעבראַכט צום טיש עטלעכע געבאַקטע עפּל, און דאָס האָט איסאָסכאָר אויסגענוצט פאר זיין טעמע — צימעס.

— געבאַקטע עפּל! — האָט ער אָנגעהויבן און זיך אויסגעהוסט אין זשמעניע אריין — געבאַקטע עפּל זיינען אויך אַ געוויסער צימעס. אלץ, וואָס איז שיין אין לעבן, איז — צימעס. אָבער דער גרעסטער און צימעסדיקסטער צימעס פון אלע צימעסן איז — די ליבע. —

אַך, סארא צימעס דאָס איז!

בא די ווערטער האָט ער זיך אומגעקוקט צו עני-בעסין, וועלכע איז געוואָרן רויט און סויט, און זיך פאַרשעמט ווי אַ קאַלע, בעאייס דער כאָסן צעברעכט דאָס גלעזל.

אָט, אַפּאָנים, אַז מיין צימעס הייבט אָן ווירקן! — האָט געטראַכט איסאָסכאָר. — מירן באַלד — האָט ער געטראַכט — ווייטער רעדן וועגן צימעס.

אָבער דאָ האָט זיך אופגעהויבן דער באָכער, וואָס איז געזעסן אף דער אַנדערער זייט פון עני-בעסין, דער, וואָס אָן צימעס, און געזאָגט:

— מיסטער! וואָס דרייט איר אַ היטל מיט צימעס! וואָס האָט איר זיך צעצימעסט! — וואָס האָט איר זיך? אז איר קענט ניט — מאַכט ער — רעדן ווי אַ מענטש, זאָלט איר האַלטן דעם כאזערשן צונג, און ניט — מאַכט ער — רעדן גראָבע רייד, בעאייס איר זיצט לעבן אַ דאַמע!

און ער האָט צוגעטוליעט עני-בעסיס פאַרשעמט קעפּל צו זיין גיגאַנטישער ברוסט.

— וואָס פאַר אַ גראָבע רייד האָב איך דען גערעדט? — האָט זיך שוין איסאָסכאָר ניט פאַרשטאנען, — איך האָב בלויז געזאָגט, אַז צימעס —

— צימעס! צימעס! צימעס! מע הערט ניט מער ווי צימעס! — האָט אים דער אַנדערער באָכער איבערגעקרימט מיט פאראכטונג. און זיך ווענדנדיק צו עני-בעסין האָט ער געזאָגט:

— קומט, עני-בעסעלע, לאָמיר זיך אַביסל דורכגיין אין פּאַרק! און ער האָט איר דערלאנגט דעם לינקן אָרעם, וועלכן זי האָט גערן אָנגענומען.

— מע האָט זיי באַדאַרפט געבן דעם מאָשל וועגן דעם כאַזער און דעם צימעס, וואָס איך האָב אַמאָל געהערט פון אַ מאַגיד! — האָט געטראַכט איסאָסכאָר.

מיט אַ 10 מינוט שפּעטער, ווען ער איז געקומען צו זיך, איז אָבער ליידער שוין געווען פאַרפאַלן. זיי זיינען שוין געווען אינ-דרויסן. און עפּשער אין פּאַרק. און עפשער אין אַ טונקל ווינקל. ווער ווייסט? (קיינער ווייסט נישט!).

---

# דער אנטלאָפּענער מאַן.

I

וואוהין אַנטלויפט מען ערגעץ פון זיך אליין ? — אָט אַזוי האָט געטראכט מעכל-עליע דער פאַרצווייפלטער, ווייל ער איז געוועזן פאַרצווייפלט, שטאַרק, זייער און זייער ! צו זיין פארצווייפלעניש איז ניט געוועזן קיין גלייכן אַף דער גאַנצער וועלט. האַינע?— לאָמיך געבן אן אורזאַך ? — האָב איך נישט ! אָבער איך פארזיכער אייך. מיט א געשוואָרענעם דאָקומענט, געצייכנט ניו-יאָרק דעם 28-טן יוני, 1917, אַז מעכל-עליע איז געוועזן פאַרצווייפלט. ער איז געשטאַנען באַם ברעג פון אן אָפּגרונט. איין שטופּ — ווען עמעצער זאָל אים כאָלילע געוועזן געבן — וואָלט ער כאָלילע געוועזן אַראָפּגעפאַלן און דערהאַרגעט געוואָרן.

אָבער קיינער האָט מעכל-עליען ניט געטון קיין שטופּ. אַפילע ניט די בלינדע וועלט-קראַפט. ער אַליין, מעכל-עליע, פלעגט יאָ אמאָל זיך אונטערשטופּן מיט א פּלייצע, קעדיי ער זאָל גיין פאָרווערטס, אָבער סע האָט ניט געהאָלפן, ווייל וויפל דער הינטערשטער מעכל-עליע האָט ניט געשטופּט פאָרווערטס מיט דער פּלייצע, האָט אָבער דער פאָדערשטער מעכל-עליע צוריקגעשטופּט און ניט געלאָזן. עס איז געוועזן — ווי זאָג איך אין איינעם פון מיינע עלף בענדער ? — א קאַמף אַף לעבן און טויט ; אַף אהין-און-צוריק ; אַף זיין-אָדער-נישט-זיין. און געוואונען האָבן ביידע קויכעס — סיי דער קויעך, וואָס האָט אים געשטופּט צו גיין פאָרווערטס, סיי דער קויעך, וואָס האָט אים געשטופּט צו גיין ריקווערטס. און צווישן דידאָזיקע צוויי קרעפּטיקע קויכעס איז געשטאַנען אונזער מעכל-עליע און זיך ניט גערירט פון אָרט, און ניט געוואוסט, וואָס צו טון, און ער איז געוועזן זייער אומגליקלעך,

זייער דערשלאָגן, פון זיין לאַנגזאמען שטיין, פון זיין ל אַ ג ע, וואָס איז געוואָרן — פון טאָג צו טאָג — אַלץ מער און מער.

און אַז די לאַגע האָט אים פאַרכאַפּט אַזוי שטארק, אַז ער איז געווען פול מיט לאגע פון קאָפּ ביז די פיס, און זי האָט אים אַזש אַרויסגעפּלייצט פון די אויגן, האָט מעכל-עליע — איבערשלאָג: ווייל ער איז געווען זייער א קלוגער! — אָפּגעקלערט, אַז ער ליידט צופיל פון די אומשטענדן.

— ווען ניט איך, מעכל-עליע — האָט ער געטראכט — וואָלטן די ביטערע אומשטענדן ניט געהאַט אף וואָס זיך צו האַלטן און זיי וואָלטן זיך געמוזט אופלייזן.

און מעכל-עליע האָט אונטערגעפינגערט דעם שטערן זיינעם מיט דעם ליינגסטן פינגער, וואָס ער האָט פאַרמאָגט (קיין לייַנ-גערן האָט ער ניט געהאַט!), און ער האָט באשלאָסן, אַז — אַך, ווען דער מענטש זאָל קאָנען אנטלויפן פון זיך זעלבסט!

— וואָס-זשע וואָלט געווען? — האָט ער דיאלאָגירט מיט זיך אַליין.

— וואָלט געווען זייער גוט! — האָט ער זיך געענטפערט, — וואָלט איך ניט געוואוסט, וואו איך בין אהינגעקומען און — פאַרפאלן!

און ער האָט געטראַכט, געטראכט, געטראכט. ער האָט אַזוי לאַנג געטראכט, ביז די שפּיצפינגער פון די פיס האָבן אים אַזש גענומען וויי טון פון — טראכטן. און ענדלעך, און סאָפקאָלסאָף, און שלוס-פאָרהאַנג, האָט ער באשלאָסן, ווי מיר וועלן זען אין קאפּיטל צוויי.

II

אַנטלויפן פון זיך זעלבסט! אנטלויפן פון זיך זעלבסט! — אַזוי האָט באשלאָסן מעכל-עליע מיט דעם פעסטעסטן באשלוס, וואָס מע קאָן נאָר באַשליסן. אָבער ווי אַזוי וועט ער עס טון? ווי אַזוי וועט ער אויספירן, אַז ער אַליין זאָל זיך ניט דערוויסן דערפון? וואָרום ער איז זייער א קלוגער, קימאַט — ווי אַזוי זאָל איך זיך אויסדריקן? — קימאַט א וועלט-כאָכעם, און אים איז זייער שווער אָפּצונארן.

פונדעסטוועגן איז געבוירן געוואָרן בא אים אָט וואָס פאַר אַ פּלאַן:

ער וועט זיך עטלעכע שאָ דורכאַנאַנד ארומדרייען אַרום דעם הויז, וואו ער וואוינט, קעדיי ער זאָל זיך אַראָפּפּירן פון שפור. און ער זאָל מיינען, אז ער וויל ארופגיין לייענען עפּעס א ביכל, און דערנאָכדעם, אז קיינער וועט ניט זען, וועט ער כאפּן די באַן און אוועקפאָרן קיין טשיקאגאָ — וועט זיין פארפאלן!

געזאָגט און געטון. מעכל-עליע האָט זיך עטלעכע שאָ דורכאַנאַנד ארומגעדרייט ארום דעם הויז, וואו ער האָט געוואוינט, אַלץ געטאַינעט מיט זיך, אַז ער וועט באלד אַרופגיין לייענען עפּעס א ביכל, — ער האָט זייער א אינטערעסאנט ביכל! און וועגן אנטלויפן האָט ער מיט זיך ניט געשמועסט, ניט דערמאָנט אַפילע מיט קיין וואָרט, אז ער וויל פאָרן קיין טשיקאגאָ. וואָרום ער ווייסט דאָך באַ זיך, אַז ער איז א קלוג מענטשל, און — לאָז ער זיך נאָר אַרויסכאַפּן מיט א וואָרט, אז ער פאָרט אוועק, וועט ער שוין פארשטיין, אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַטיק, און ער וועט שוין האַלטן אף זיך אַן אויג.

און ווי איז ער ארומגעגאנגען ארום דעם הויז און געשמועסט מיט זיך וועגן לייענען דאָס ביכל, האָט ער פּלוצים זיך אַרומגע-קוקט, צי קיינער זעט ניט, איז געוואָרן בלאַס, ווי די וואנט, דאָס האַרץ האָט באַ אים געקלאפּט, ווי באַ אַ גאַזלען, און — ער האָט גענומען לויפן טשוואַליאָם. גלייך צום באַן, און—פיף-פיף-פוף! דער צוג האָט געטון א פייף און — דער באָכער איז אוועק.

די ערשטע עטלעכע מינוט האָט זיך מעכל-עליע געפילט זיי-ער גוט.

„אָט — האָט ער געטראכט — איך האָב עס אָפּגעארבעט ווי א מאמזער, איך בין אוועק פון זיך זעלבסט און אַן עק. איצט פאָר איך קיין טשיקאגאָ. און אפילע, אז איך זאָל זיך שוין כאפּן, אז איך בין אנטלאָפן, וועט שוין זיין צו שפּעט נאָכצולויפן, ווייל די באַן גייט שוין".

באַ די ווערטער האָט מעכל-עליע געוואָלט אַרויסנעמען פון הויזן-קעשענע א פּעקל טיטון און זיך מאַכן א ציגאַר — ערשט ער גיט א קוק: ס'איז זיינע הויזן. די הויזן פון דעם אַלטן מעכל-עליע, וועלכער איז געשטאַנען באַם אָפּגרונט פון פארצווייפ-לונג און פון וועלכן ער איז אַנטלאָפן.

— שלעכט! — טראכט ער. — לאָמיר נאָר זוכן ווייטער.

ער זוכט ווייטער, זעט ער, אז — ער אליין איז אויך דאָ. ער פאָרט מיט.

— אויב אזוי — טראַכט ער — איז פארפאלן. געכאפט זיך באַ דער האנט. וועל איך מוזן — טראכט ער — צוריקפאָרן אַהיים. אָבער דאָס צווייטע מאָל — טראכט ער — וועל איך שוין זיין מער פאָרזיכטיק. ווייל איך האָב שוין אַביסל ערפאַרונג. — — — —

III

דאָס צווייטע מאָל האָט מעכל-עליע באַשלאָסן צו אַנטלויפן באנאכט, ווען ער שלאָפט.

דער פלאַן איז אים זייער געפעלן. נאָר אַזוי ווי ער האָט זיך שוין געהאַט איינמאָל אָפגעבריט מיט זיין אנטלויפן קיין טשיקאגאָ, האָט ער בא זיך אָפגעמאכט, אז דאָס מאָל וועט ער זיין אַזוי פאָרזיכטיק, ווי מעגלעך.

צוערשט האָט ער זיך געלייגט שלאָפן ווי אלעמאָל, זיך גע-מאַכט קלוימערשט ווי ער איז זייער רואיק, און פון זיכערקייט וועגן האָט ער זיך אַ זאָג געטון פאַרן שלאָפן גיין: מנע! מירן זיך שוין אַזוי אָפמוטשען אונזערע פאָר יאָר דאָ אין ניו-יאָרק. מירן שוין אינערגעץ ניט פאָרן, דערנאָכדעם האָט ער צוגעמאכט די אויגן, זיך איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע איבערן פאָנים, קעדיי ער זאָל זיך ניט זען, און ערשט, אַז ער איז געוועןבא זיך זיכער, אַז ער איז שוין פעסט איינגעשלאָפן און אז ער האָט שוין געהערט זיין קלוימערשטיקן שנאָרכען (דאָס האָט ער אומיסנע אזוי געשנאָרכט, קעדיי ער זאָל זיך אָפנאַרן און מיינען, אז ער שלאָפט!), ערשט דעמאָלט איז ער פאמעלעך אופגעשטאַנען פון געלעגער, ניט אָנגעצונדן די גאַז, און שטילערהייט אף די שפיצ-פינגער, מיט די שיך אין די הענט, קעדיי ער זאָל זיך ניט אופ-וועקן, איז ער פאָרזיכטיק אַראָפ פון די טרעפ און — האָט געגנו-מען לויפן פייל פון בויגן, מיט די שיך אין די הענט.

אַזוי איז ער געלאָפן און געלאָפן, אַלץ ווייטער פון זיך, ביז-וואַנען ער איז שוין געווען עפשער אכט מייל ווייט פון זיך זעלבסט, ווען א פאָליציימאַן האָט אים פלוצים אָפגעשטעלט און געפרעגט:

— וואוהין לויפט איר?

— איך אַנטלויף פון זיך זעלבסט. האַלט מיך ניט אָפּ! — האָט מעכל-עליע געזאָגט אָן אַן אָטעם און געוואָלט אַוועקשטופּן דעם פּאָליציימאַן.

— וואָס איז אַזוי די איילעניש אַף אייך? — האָט דער פּאָלי-ציימאַן געשמייכלט און אַרייַנגעגראָבן די האַנט אין מעכל-עליעס לינקן אַרבל.

— די איילעניש איז — האָט מעכל-עליע געזאָגט — אַז איך בין אַוועק פון דער שטוב אָן מיין וויסן און איך וויל ניט, אַז איך זאָל דערפון געוואָרע ווערן. און, אַך! — איז ער ארופגעפאַלן אַפן פּאָליציימאנס „בלעכל" און גענומען וויינען ווי אַ קליין קינד — שוין דאָס צווייטע מאָל, וואָס איך אַנטלויף פון זיך זעלבסט, ווייל איך בין זיך שוין נימעס אַף טויט און איך קאָן זיך ניט קוקן אין פּאָנים אַריין און איך מוז אַנטלויפן. לאָזט מיך! — האָט ער זיך געריסן — ווייל באַלד וועל איך אופשטיין פון געלעגער און זיך נעמען נ אָ כ ל ו י פ ן. איך בין אומיסנע אַרויס פון שטוב אין די זאָקן, קעדיי איך זאָל זיך ניט אופוועקן. און כ'בעט אייך — זאָגט ער — מיסטער פּאָליסמאַן, נאָט אייך אַזויפיל און אַזויפיל דאָלאַר אבי פאַרהאַלט מיך נישט. ווייל יעדע מינוט — זאָגט ער — איז בא מיר טייער. — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַז די קראַנקן-שוועסטער פרעגט אים, וואָס ער מאַכט, ענטפערט ער, אַז ער וויל גיין אַהיים און זיך אופוועקן. ער איז שוין גענוג געשלאָפן. שוין צייט, — זאָגט ער, — צו עסן אָנבייסן.

---

## א מענטש — אן איינברייגנער.

אַ מענטש א באַלעבאַטישער, אַ פיינער, מיט די פיינע פּאָר ברילן, מיט דעם פיינעם נאַטורל, מיט דעם פיינעם אַלצדינג, נאָר אַביסל צעשויבערט — פון אינעווייניק, פון אויסווייניק. פון אויס-ווייניק — די באָרד, דער קאָפּ האָר, די קליידער. פון אינעווייניק — דאָס ביסל געדאַנקען, וואָס ליגן אָנגעשויבערט איינס אפס אַנ-דערע און ער פאַלט איבער זיי. אָפּגעבלישטשעטע נעשאָמע-שפּריצן, רעשטלעך פון אלטע האַרצפייערן, שטיקלעך אידייען פון אלטע ביכער, שאָטנס פון אַלטע ווידערקלאַנגען, און אַלצדינג צעשוי-בערט, צעקנעפּלט, אָפּגעלאָזן, ניט פאַרקאַמט.

און הייסן הייסט ער ווי אַזוי — הייסן הייסט ער לייזער-עליע — דעם אַלטן לייזער-עליעס זון — אַ מענטש מיט איינפאַלן. „פּאַטענט". פּאָרטלען.

דער יונגער לייזער-עליע האָט אַלערליי שוואַכקייטן — שוואַכערע און שטאַרקערע.

איבערהויפּט: ער דאַט אַ טעווע איינצוברייגגען, צו שפּאָרן, און אַ ליבע צו אַלערליי היימיש געמאַכטע זאַכן. קימאַט יעדע זאַך, וואָס געפינט זיך בּאַ לייזער-עליען אין שטוב, איז געמאַכט מיט דער האַנט, אויסגעשניצט מיט אַ פענמעסערל — מער-ווייני-קער. אפילע די קליינע יאָדערדיקע פּרוי זיינע, מיט די צוויי גלאַנ-ציקע באַקן און פאַרשאַרפטער קליינער נאָז, זעט אויס, ווי זי וואָלט געווען אויסגעשניצט מיט דער האַנט און דערנאָכדעם אָפּגעפּאָלי-טורט, קעדיי זי זאָל גלאַנצן.

דער יונגער לייזער-עליע (דער אַלטער איז שוין טויט אַ שיינע פּאָר כאַדאָשים) איז ניט אַזאַ פאַרדינער ווי אַן איינברייגגער, אַן אָפּשפּאָרער. ער האַלט, אַז אַריינצונעמען אַ דאָלאַר אין שטוב

ארײַן איז קײן קונץ ניט! אַ קונץ, זאָגט ער, צו האַלטן דעם דאָ-לאַר אין שטוב און אים נישט אַ רויסלאָזן — בעשומויפן. אָפּט-מאָל קאָנט איר הערן ווי לײזער-עליעס אַ זילבערנע מאַטבײע קוקט אַרויס דורך די גראַטעס פון זײַן קעשענע און שרײַט: „געוואַלד, ראַטעוועט מיך! לאָזט מיך אַרויס אין דרויסן. איך דאַרף לופט".

אָבער דער יונגער לײזער-עליע (דער אַלטער איז שוין טויט אַ שײנע פּאָר כאַדאָשים!) הערט ניט. אַדעראַבע, יעדעס מאָל, וואָס די יונגע מאַטבײע שטעקט אַרויס דעם קאָפּ און וויל מע זאָל זי פאַרשווענדן, לײגט ער אַרוף אַ האַנט אַף איר האַרץ, און זי הײבט אָן פּיבערן און קרעכצן — אַזוי לאַנג, ביז זי דערוואַרעמט זיך פון זײַן בלוט און זי הײבט אָן שוויצן מיט אַן אײדעלן זיל-בערשווײס.

דער יונגער לײזער-עליע (דער אַלטער איז שוין נעבעך ניטאָ!) אַרבעט זײער ווײניק און פאַרדינט זײער ווײניק, ווײַל אַז ער וועט אַרבעטן און פאַרדינען, וועט ער ניט האָבן קײן צײַט זיך זעלבסט צו האַלטן אין די הענט. וועט ער ניט קאָנען אַכטונג געבן, ער זאָל ניט אויסגעבן קײן איבעריקן סענט.

אַז איך בין צום ערשטן מאָל געווען בײַם יונגן לײזער-עליע אין שטוב (דער אַלטער לעבט שוין ניט!) האָב איך אים געטראָפן, ווי ער איז געווען פאַרנומען מיט עפּעס אַ קעסטל, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען אַלערלײ געצײַג: זעגן, מעסערס, דלאָטן, הובלען, שרויפנציערס און אַזוי ווײַטער.

— גוטמאָרגן, לײזער-עליע!

— גוטמאָרגן, אַזוי-און-אַזוי.

— וואָס טוט איר, לײזער-עליע?

— איך שפּאָר אײַן, ווי זאָגט איר, געלט.

— דעהאַינע?

— הערט איר דאָך, — מאַכט ער, — ס'איז מיר קאַליע געוואָרן, ווי זאָגט איר, אַ שליסעלע. דאַרף קאָסטן עפּשער פופצן סענט עס צו פאַריכטן, וועל איך דאָך ניט גײן אַרויסוואַרפן קײן פופצן, ווי זאָגט איר, סענט אַף אַ, ווי זאָגט איר, שליסעלע, האָב איך מיר געקויפט אַ קעסטל מיט, ווי זאָגט איר, געצײַג פאַר פינף און פערציק, ווי זאָגט איר, טאָלער און איך פאַריכט מיר אַלײן, ווי זאָגט איר, דאָס שליסעלע.

— אָבער עס איז דאָך אַ מעשוגאַס!

— אַוואַדע, וואָדען האָט איר געוואָלט? איך זאָל נעמען, ווי זאָגט איר, און אַרויסוואַרפן פופצן, ווי זאָגט איר, סענט, ווי אין בלאָטע אַריין, פאר גאָרניט. — ער.

— אָבער אַזוי קאָסט דאָך אייך אַסאַך טייערער! — איך.

— פאַרוואָס קאָסט מיך טייערער, ס'געצייג קאָן מיר געדויערן, ווי זאָגט איר, אייביק, און מ'קאָן מיט זיי פאַריכטן עפשער דריי מיליאָן, ווי זאָגט איר, שליסעלעך! — ער.

אַז די קליינע פרוי זיינע האָט דערהערט מיינע רייד, איז זי ארופגעפאַלן מיטביידע פאָדערשטע אויגן אפן אַרבל פון מיין נייעם אויבעראָק, זיך צעוויינט, און מיר דערציילט, אַז, וואָס זאָל זי טון מיט איר מעשוגענעם מאַן? און געוואַלד, וואָס טוט מען? און וואָס טוט מע—ען? נאָר ער קויפט געצייג, און נאָר ער שפּאָרט איין געלט, און ער שטעלט זי דערמיט בעדאַלעס — שטעלט ער זי. דאָס ביסל, וואָס זי פאַרדינט באַ איר אַרבעט, גייט אריין אין אלערליי מאַשינען, געצייג, מאָטאָרן, ענזשינס, וואָס ער קויפט, קעדיי איינצושפאַרן עטלעכע גראָשן.

— דערציילט! דערציילט, מאַדאַם! — איך.

— אָי, ער רואינירט אונז, דער מעשומעד! — זי.

— קאָנט איר דאָך אים זאָגן! — איך.

— אַז איך זאָג אים, טאַינעט ער, אַז ער מוז איינבריינגען. אָט נעכטן, לעמאָשל, האָט ער אַראָפּגעבריינגט אָט יענע ריזיקע מאַשין, וואָס שטייט דאָרט אין ווינקל, איר זעט? — זי.

איך האָב אַ קוק געטון און דערזען עפּעס אַ ווילדע מאַשין מיט רעדער און מיט אַלערליי קונציקע זאַכן.

— דאָס איז, זאָגט זי, אַ מאַשין אַף אַריינצובריינגען צוריק דעם אויסגעקנאַקטן קנאַק אין אַ פלעשל זאָדע-וואַסער. צו מאַכן אַזאַ געז, זאָגט זי. — און די קיילעכדיקע זעגן אָט דאָרטן זעט איר?

— יאָ.

— דאָס איז אַ מאַשין אַף צו שניידן די פרייזן פון לעבנס-מיטל. אָבער דאָס איז אַלץ גאָרניט. דעריקער געלט גייט באַ אים אַוועק אף צו זיין אַ גוטער באַלעבאָס. ניט קיין אויסבריינגער. אָט, צום ביישפּיל, איז באַ אונז נעכטן צעבראָכן געוואָרן אַ ביינקל, וואָס האָט אין די גוטע יאָרן געהאַט די ווערט עפּשער פינף

און ניינציק סענט. וואָס מיינט איר האָט מיין לייזער-עליע געטון?

— עס אַרויסגעוואָרפן! — האָב איך גענאָוויט.

— ווייס איך וואָס איר רעדט! ער האָט געקויפט פאַר פיר טאָלער אַ הובל, פאַר אנדערהאַלבן טאָלער אַ האַק, פאַר זעכציק סענט אַ ברעט, און ער האָט זיך גענומען אַליין מאַיסטרעווען אַזוי לאַנג, ביזוואַנען ער האָט צעבראָכן די האַק. דאַן איז ער אוועק און האָט געקויפט אָט יענע מאַשין אַף צו פיקסן העק. אָט ליגט זי דאָרטן אונטערן בעט. געקאָסט צוויי און פערציק טאָלער! נו, מאַכט זי, קאָן מען לעבן?

בעאייס איך בין אַזוי געשטאַנען און גערעדט מיט לייזער-עליעס פרוי, האָט זיך דערוויַיל דערהערט אַ שטאַרקער קנאַקי, ווי פון אַ געפּלאַצטן דאַמף-קעסל.

— דאָס איז מיין לייזער-עליעס אמאשין אף צו פיקסן גע-פלאצטע מאַשינען, — האָט די מאַדאַם ל. געזאָגט — איצט וועט מען שוין דארפן קויפן אַ נייע מאַשין.

— איז דאָך דאָס אַ מאַיסע אָן אַ סאָף! — מאַך איך צו איר.

— פרעגט שוין גאָרניט, — מאַכט זי מיט אַ טיפן זיפץ, — מיר זיינען פאַרלוירן אַף אייביק! זיין איינבריינגערייַ נעמט בא אונז צו דעם לעצטן סענט, וואָס איך פאַרדין, און אלץ דערפאַר, וואָס ער איז ניט קיין פארשווענדער. אָט נעכטן, צום ביישפיל, האָט ער געקויפט אַ מאַשין אַף צו מאַכן טשוועקעס. ער קאָן, זאָגט ער, ניט באהויפטן צו צאָלן אַ סענט פאַר אַ טוץ טשוועקעס. ס'איז, זאָגט ער, ערגער ווי רויבערייַ.

— און וויפל קאָסט אים די מאשין אף צו מאַכן די טשווע-קעס?

— קנאַפּע דריי הונדערט טאָלער, מאַכט זי, אָבער עס אַר-בעט נישט! — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

אַז איך האָב געהאַלטן באַם ארויסגיין פון לייזער-עליעס שטוב, האָב איך אָנגענומען דאָס הענטל פון טיר און — ס'איז מיר געבליבן אין האַנט.

— דאָס איז אויך מיין מאַנס ארבעט — האָט געזאָגט די מאדאם ל. מיט אַ ביטער געלעכטער — איך האָב אים געהייסן אריינרופן אַ סטאָליער און עס לאָזן פאריכטן, האָט ער נישט גע-

וואָלט. האָט ער אַליין געאַרבעט דערביי אנדערהאלבן טעג און ער האָט צעבראָכן די טיר.

— איך בעט אייך, ליבער פריינט, האָט זי מיר געדריקט די האַנט, גיט עפּעס אן אייצע, ווי אזוי צו מאכן מיין מאַן ער זאָל ניט זיין אזא איינברייגער, — ער וועט אונז כּאָלילע טרייבן צו בעטל-ברויט!

אַזוי ווי איך האָב ניט געהאט קיין שום אייצע, האָב איך מיטגענומען דאָס הענטל פון טיר און בין אוועק.

---

# דער „לייטישער מענטש".

ער מאַכט אוף די אויגן און גיט א טראכט: דער טאָג ליכטיקט אַריין דורכן פענצטער. ס'האַרץ פון דער גרויסשטאָט באַוועגט זיך שוין. ער הייבט זיך אוף פונם בעט און טראכט: ווידער אַרבעט! ווידער שאַפן! וואָס איז דער צוועק פון דעם אַלעמען? וואָס איז דער ציל? ער נעמט א קאַלטע וואַנע און ער טראַכט: מיין קערפּער איז שלאַנק, ווי א ווערבע, און איך האָב נאָך דערווייל זייער ווייניק געגעסן פונם לעבן. ער פוצט זיך אויס די ציין און ער טראַכט: ס'איז זיכער, אַז דיזעלבע ווייסע ציין וועלן אַמאָל ליגן טויט, און מ'דאַרף שוין אַ ניי שאכטל ציינפודער. ער טוט זיך אָן די אַלטע פלודערן און ער טראַכט: די אַלטע איירָאָפּע פאַרלירט איר גלאַנץ, דאדורך וואָס זי ווערט פאַרדעמאָקראַטיזירט. ער עסט אָנבייסן און ער טראכט: די בלאַסע מעלאנכאָליע פרעסט אוף מיין רויט האַרץ. ער גייט-צו צום שפיגל, מאַכט זיך צו רעכט די האָר און ער טראכט: אומעטיקע וועלט מיינע, „איך ווייס ניכט, וואָס זאָל עס בעדאָיטן". ער גיט א קוק אפן ליטאָגראפישן בילד פון „סעפּטעמבער אינדערפרי" און ער טראכט: מאָדערנע מענטשן ווערן פאַרצערט פון זייער דורשט נאָך שיינקייט. ער לויפט אַראָפּ די טרעפּ און ער טראכט: מיין לעבן איז א טונקעלע טרעפּ, וואָס דרייט זיך און דרייט זיך און זי פירט אין דער פינצטערניש אַריין. ס'איז פינצטער. ווער ווייסט, צי ס'איז עפּעס פאַראַן אין בריוו-קעסטל? ניטאָ. אומעטיקע גראָע טעג מיט — פּוטערפיש. ער טאָר ניט עסן קיין פּוטערפיש בעשומויפן. ער גייט איבער די גאַסן און ער טראכט: די אַלטע היים, מיט די פאַרשנייטע דעכער. דאָרט האָט יעדע שטוב א היטל, און דאָס היטל איז שנייאיק און סע ברענט מיט

א בלאָ פּייער קעגן הימל, און די שניי-שטערן פּינטלען  אַ ר ו ף  צו די אויסגעשפּרייטע בלאָקייטן, און אַלע הימל-שטערן פּינטלען אַראָפּ צו זייערע שניי-שוועסטער אַף דער ערד. דאָ שטייען די הייזער מיט נאַקעטע קעפּ, — ווי עמעצער וואָלט באַ זיי די היטלען אַראָפּ-געכאַפּט. ער זעצט זיך אַרבעטן און ער טראַכט: איך שאַף רייכ-טימער פאַר יענעם, און אַליין גיי איך אויס — מיט אַ מיידל. ער דרייט די מאַשין און ער טראַכט: די וועלט איז אַ נאַריש רעדל, וואָס דרייט זיך און דרייט זיך אָן א ציל. ער גיט א קוק אַף דעם מיידל, וואָס זיצט ניט ווייט פון אים, און ער טראַכט: זי וועט פאַרוויאַנען, ווי אַ שיינע בלום אָן ליבע, אָן זונענשיין. ער וועט איר געבן זונענשיין. ער גיט דעם מיידל אַ גלעט אַף דער באַק, און זי זאָגט אים „ניטע". פאַר זונענשיין, טראַכט ער, גיט מען אָפּ שטיינער. עס גיט א פייף דאָס פאַבריק-פייפל און ער טראַכט: די שקלאַפעריי איז אַף א ווייל צו ענד, איצט וועל איך מיך אַוועק-זעצן און אויסוויקן מיין מאָגערן מיטאָג אין הייסע טרערן. ער עסט זיין שטיקל הון מיט אַ זויער אוגערקעלע און ער טראַכט: ס'א געשמאַק שטיקל הון. נאָר ער האָט ניט קיין כריין. ער האָט ליב כריין און פרייהייט. ס'איז ניטאָ קיין פרייהייט. די פליגל זיינען געבונדן. ער גיט זיך א טאַפּ אף דער פלייצע — סע שטעכט אים ניט. סע וואָלט אים באַדאַרפט שטעכן. ער לייגט אַוועק זיין לעבן אַפן מיזבייעך פון קאַפּיטאַל. ער האָט שוין קנאַפּע עלף הונדערט דאָלאַר אין דער באַנק, אָבער זיין מאַזלדיקער שטערן גייט ניט אויף. ער גיט זיך א טאַפּ דעם שטערן — טרוקן! ניטאָ קיין שוויס. ער ענדיקט זיין טאָג-אַרבעט און ער טראַכט: מ'גייט אָנזאַמלען קויכעס פאַר דעם נייעם טאָג, וואָס ברענגט ניט קיין גליק און קיין פרייד. ער קומט אַהיים און טראַכט: איך טראַכט עפּעס אַזוינע אומגליקלעכע געדאַנקען — פילאָזאָפישע. איך בין אַ צעבראָכענער מענטש. די מאַסע איז ניט צעבראָכן. איך בין צעבראָכן, ווייל איך פיל מיין אומגליק און די פליגל זיינען מיר געבונדן. ער טוט זיך א טאַפּ באַ די פלייצעס און ער טראַכט: סע שטעכט אים נישט! סע וואָלט אים באַדאַרפט שטעכן. די אַרבעט פרעסט אים אויף די בעסטע קויכעס, און אַז ער קומט אַהיים, איז ער זייער מיד, עסט ער אָפּ און גייט אַוועק שפּילן פינאַקל. ער שפּילט פינאַקל און ער טראַכט: אָט די אַלע מאָ-

דערנע מענטשן זיינען אומטריי צו זייערע פרויען, נאָר ער איינער קאָן ניט זיין אומטריי צו זיין פרוי, ווייל ער האָט ניט קיין פרוי. ער קוקט אַף די פיין-פאַרפלאַמטע ווייבלעך, וואָס שפּילן אין קאָרטן, און ער טראַכט: ער מוז כאַסענע האָבן, קעדיי צו קאָנען ווערן אומטריי זיין ווייב מיט איינע פון אָדי-אָ מאָדערנע פרויען. ער איז פאַרטיק מיטן שפּילן און ער זעט, ווי אַלע גייען אַוועק שפּאַצירן מיט פרעמדע דאמען. ער גייט *אויך* אַוועק שפּאַצירן מיט אַ דאַמע, אָבער ער האָט ניט וועמען צו ווערן אומטריי. ער גייט צוריק אַהיים און ער טראַכט: ס׳גאַנצע לעבן איז ניט מער, ווי אַ שפּאַציר דורכן טונקעלן פּינאקל: מ׳געווינט, קעדיי צו פאַרלירן. און די האָפענונג זויגט אויס דאָס פייער פון די אויגן, זעט ער ניט, וואָס ער טוט. האָט זי אים געגעבן א געלעגנהייט און— אַ פּאַטש. וואָרטשפּיל. ער גייט דורך דעם פּראָסט-געקושטן פּארק און ער טראַכט: נאָך אַלעמען, ניט קיין סאַך מענטשן קאָנען אזוי דיינקען ווי איך. איך האָב אַ פלינקן מויעך און אַלצדינג אין מיר איז אומרואיק, ווי דער אייביק-ציטערדיקער הימל. ער נעמט אַרויס א נאָזטיכל און ער טראַכט: איך בין זעלבסט דער ציטערדיקער הימל. אין מיין האַרץ היינגט א — פאַרקילונג. איך בין פאַרקילט. אין מיין נעשאָמע ציטערט די אייביקייט — ס׳איז מיר פאַרשטאָפּט די נאָז. איך בלאָנזשע אַרום אין דער פינצטער און — מ׳פּאַטשט. פאַרוואָס? ווייל איך וויל געניסן פונם לעבן. אָבער יעדער איינער מעסט יענעמס טעמפּעראמענט אַף זיין *אייגענעם*. דאָס פולע גלעזל מיינט, אַז *פולער* קאָן מען שוין ניט זיין. דער פולער טאָפּ דיינקט אויך דאָסזעלבע. ביידע ווייסן ניט, אַז ס׳איז פאַראַן אַ יאַם. איך בין דער יאַם. איך דאַרף באַצאָלן זעקס סענט אין ביבליאָטעק פאַר די איבעריקע דריי טעג, וואָס כ׳האָב געהאַלטן „טשטאָ דיעלאַט” פון טשערנישעווסקי. איך בין אַן עסטעטיקער, אַן אָנהייגער פון דעם שיינעם וואָרט, און סע קריכן מיר אויס די האָר — דער שלאַק זאָל עס טרעפן! איך בין *אויס* מענטש און איך האָב נאָך קימאַט גאָרניט געלעבט. פוטערפיש. — פאַרברענט זאָלן זיי ווערן! לאָזן זיי זיך אָנצינדן מיט אַ פייער — די אַלע פאַרפלאמטע ווייבלעך. איך האָב זיי אין דר׳ערד! נעמען זיי איין אַ מיסע-מעשונע! געליימט זאָלן זיי ווערן! איך טאָר ניט עסן קיין פוטערפיש, גיט מען מיר פוטער-

פיש! ווייל איך האָב ניט קיין פרוי. אַן אייגענע פרוי וואָלט מיר ניט געבן קיין פוטערפיש.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...און דער מאָדערנער מענטש לייגט זיך אַוועק אַפן בעט, און אָט-אַזוינע 0 0 0 טרערן רינען אים פון די אויגן.

---

# נאָטוס און פראָטוס*).

(מאָנאָלאָג פון אַ אידן, וואָס איז געוואָרן א וועגעטאריאנער).

...איר ווייסט ניט, וואָס סע הייסט „נאָטוס” און פראָטוס”? קיינמאָל ניט געהערט דערפון? אך, מיין ליבער פריינט! אַלעוויי וואָלט איך אויך ניט געווען געהערט דערפון, וואָלט איך ניט געקומען צו מיין איצטיקער לאַגע... וואָלט איך איצט געווען אַ פרייער מענטש, גלייך מיט אַלעמען, און ניט געפוילט אין טורמע — עך-כע-כע!

איך זיפץ. אַוואַדע זיפץ איך! ווי אַזוי זאָל איך ניט זיפצן, אז איך דערמאָן מיך, אַז ערשט מיט עטלעכע כאַדאָשים צוריק בין איך געווען יונג, פריש, לעבנסלוסטיק און פול מיט האָפענונג אף דער צוקונפט... און איצט בין איך אַ פאַרברעכער... אַ מערדער... אַ פאַרשטויסענער פון גאָט און פון לייט — אַנטשולדיקט מיינע טרערן, כ׳בעט אייך... איך קען זיך ניט העלפן...

שוין!... איך בין שוין אביסל באַרואיקט. איך וועל אייך דערציילן, ווי אַזוי איך בין געקומען צו מיין גרויסן אומגליק.

...ווי איר זעט, בין איך אַ געזונטער מענטש, מיט אַ גוטן אַפעטיט. באַ מיר פאַרטיליקן, אופעסן, פאַרניכטן אַ ביפשטעקס פון דריי פונט — איז געווען אַ שפילכל, אַ גאָרנישט! ניין — צען קאָטלעטן — איז באַ מיר געווען אַף איין צאָן... אַכוצדעם, בין איך גלאַט געווען אַ גרויסער אָנהייגגער פון פלייש... פון אלערליי פלייש. אָקסן - פלייש — איז אָקסן-פלייש! — רינדס — איז רינדס! גולאש — איז גולאש! — הינערנס — איז הינערנס! קאַטשקע — איז קאַטשקע! גאַנז — איז גאַנז! אַז מען שמועסט מיט אייך, אז כ׳האָב

*) די הויפט-שפייז פון וועגעטאַריאַנער אין אמעריקע.

ליב געהאַט פלייש אַוואָס-נעפּעש, איז דאָך ניטאָ וואָס צו רעדן!...
פלייש איז, הייסט עס, געווען מיין הויפּט-שפּייז. פיר מאָל אַ טאָג פלעג איך עסן פלייש — זויערע פלייש, זיסע פלייש, געפּעקלטע פלייש, רויע פלייש, פּאַסטראַמע, וואורשטלעך, פלייש מיט פּע-פערלעך, פלייש מיט מאַסלינעס, פלייש מיט געזויערטע עפּל, פלייש מיט כריין, פלייש מיט פּאָמידאָרן — סטאַם פלייש. אַקיצער, איכל אייך לאַנג ניט האַלטן: איך בין געווען אַ גוואַלדיקער אכ-לער פון פלייש. אָן דעם שטיקל פלייש האָב איך ניט געקענט אויסקומען. און וואָס איז דער כידעש, אַז אַ מענטש אַרבעט אין אַ שוך-פאַבריק, און מע קלאַפּט אַ גאַנצן טאָג מיטן גרויסן האַ-מער — און מע קלאַפּט פון זיך אַרויס ס׳כאַיעס מיטן געזונט, און מען שוויצט פון זיך אַרויס וואו אַ טראָפּן קויעך, איז אַ כידעש, אַז מע דארף האָבן ס׳שטיקל פלייש?

ווער-זשע האָט מיר ניט געלאָזט עסן קיין פלייש, פרעגט איר? הערט-זשע! דאָס וויל איך אייך טאַקע דערציילן, ווער סע האָט מיך געטריבן דערצו, איך זאָל ווערן אַ וועגעטאַריאַנער און זיך אָנהייבן פּאַשען אַף ניסלעך און אף פיסטאַשקעס און ראָזשינקעלעך — אַ מיסע-מעשונע זאָל קומען אף אַלע ניסלעך, מיט אַלע ראָזשינ-קעלעך און סע זאָל אָנהייבן צו ברענען און צו ברענען און צו ברענען... און סע זאָל קיינמאָל ניט אופהערן!...

הערט אַ מאַיסע: קומט צו גיין צו מיר עפּעס אַ באָכער מיט לאַנגע האָר און מיט לייוונטענע הויזן און פרעגט מיך, צי איך עס פלייש.

זאָג איך: אַוואַדע, וואָדען ?! ס׳זאָל נאָר זיין וואָס!

זאָגט ער: אויב אזוי, זיינט איר אַ קאַניבאל! איר גראָבט, זאָגט ער, אייער קייווער מיט אייערע אייגענע ציין...

זאָג איך: וואָס פּאָנפּעט איר? גאַניבאַל, שמאַניבאַל, קייווער, שמייווער — אַזוי לאַנג זאָג איך, ווי אַ מענטש לעבט, מוז ער, זאָג איך, עסן דאָס גוטע שטיקל פלייש...

זאָגט ער: אייער מאָגן איז אַ בייסוילעם... און דאָס בלוט, זאָגט ער, פון אומשולדיקע פעטע קאַטשקעס וועט פאַלן אף אייער קאָפּ...

זאָג איך, איר זיינט אַ מעשוגענער!

זאָגט ער: כאַ-כאַ! איך בין אַ מעשוגענער! מעשוגע, זאָגט ער, זיינען די, וואָס זאָגן, אַז איך בין מעשוגע... אַגעוו, זאָגט

ער, גיט מיר דרייסיק סענט, וועל איך אייך געבן אַ ביכל, וואו עס פריידיקט זיך אונזער אידייע...

זאָג איך: פאַר דרייסיק סענט קאָן איך שוין באלד האָבן אַ גוטן ביפשטעקס...

זאָגט ער: גיט־זשע מיר זיבעציק סענט, וועל איך אייך געבן נאָך אַ ביכל, וואו ס'באַווייזט זיך, אַז מענטשן, וואָס עסן פלייש, גייען יונגערהייט פון דער וועלט... און שטאַרבן מאסנווייס פון בלוט-פאַרגיפטונג, וואָס קומט, זאָגט ער, פון מאָגן — אָט, זאָגט ער, איז א אילוסטרירט בילד!

און ער ווייזט מיר א בילד פון א מעס מיט א ביפשטעקס אין מויל...

ווערט מיר די זאַך אַביסל דאָסיק און איך קויף צוויי ביכלעך און געפין אויס, טאַקע נאָך דעם אייגענעם טאָג, אַז פלייש איז סאַמאַמאָוועס. און אז אף דער גאַנצער וועלט איז פאַראַן נאָר איין זאַך, וואָס קען זיך פאַרגלייכן צו פלייש, נאָר קיין שום „אפטייקער" וויל עס ניט פארקויפן, דערפאַר ווייל ס'איז צו אַ שטאַרקער סאַם... און אויסלאָזן לאָזט זיך אויס אין דעמדאָזיקן ביכל, אז די בעסטע עסנס קען מען קריגן אין ווערימקרויטס וועגעטאַרישן רעסטאָראַן, און אויך אלערליי וועגעטארישע בראָשורעס ביליק...

אקיצער, אז ס'איז געקומען וועטשערע-צייט, בין איך אוועק אין ווערימקרויטס רעסטאָראַן, זיך אוועקגעזעצט בא א טישל און געוואַרט אפן קעלנער.

באלד איז צוגעקומען עפּעס א בלייכער, הוסטנדיקער הויך-אופגעשפּראָצטער קעלנער, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ מיטליע-ריקע ציבעלע, און געפרעגט:

— פאר וויפל ווילט איר עסן? פאר דרייסיק צי פאר פערציק?

— איך עס בלויז פאר איינעם, זאָג איך, העכסטנס וואָס איך קען עסן, זאָג איך, איז פאר צוויי, אָבער ניט פאר דרייסיק.

גיט ער א געגעץ, דער קעלנער, און מאכט:

— איך מיין, צי איר ווילט עסן א מיטאָג פאר דרייסיק סענט, צי פאר פערציק... מיט פראָטוס...

זאָג איך: לאָז זיין פאר פערציק מיט... ווי איר רופט עס, פּאָרטיס... אבי ס'זאָל זיין געשמאַק.

ווערט ער פאַרשוואונדן, דער קעלנער, עפשער אף א האלבער שאָ און קומט צוריק עפעס מיט אַ פיצעלע שיסעלע, אף וועלכן עס הויערט עפעס אַ בלייך, קריינקלעך מאַיכל.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מאַיכל? — פרעג איך, און נעם אַ טרונק וואַסער.

— נאָטוס — נאָטוס! — מאַכט ער שטאָלץ און גייט אַוועק. באַלד קומט ער צוריק און פרעגט:

— אירט עסן אַ קאָטלעט פון נאָטוס, צי פון פראָטוס?

— לאָז זיין, זאָג איך, פאַר אַ נאָווינע פראָטוס!

ווערט ער ווידער פאַרשוואונדן ערגעץ, און קומט אַרויס מיט אַ ברויזעלע טעלערל, אַף וועלכן עס ליגט עפעס אַ ברוינע געהיימניש און טוליעט זיך צו צווי בלעטלעך שאַלאַטן.

— נו, זאָגט ער, — און גיט אַ גענעץ איבער מיין קאָפּ — איצט וואָס פאַר אַ זופּ ווילט איר?

— וואָס פאַר אַ זופּן האָט איר? — פרעג איך.

— מיר האָבן, זאָגט ער, צווייערליי זופּן, איין זופּ פון נאָטוס און אַ צווייטע פון פראָטוס...

ווערט מיר קאַלט אין אלע איוורים און איך בורטשע ארויס: גיט מיר נאָטוס!...

גיט ער ווידער אַ גענעץ איבער מיין קאָפּ — דער קעלנער — און מאַכט:

— איך וואָלט אייך געראָטן ניט צו נעמען קיין נאָטוס... נאָר פראָטוס... ווייל פראָטוס איז געזינטער פון נאָטוס, אכוצדעם, זאָגט ער, האָבן מיר ניט מער קיין נאָטוס, וועט איר מוזן נעמען פראָטוס.

— לאָז זיין פראָטוס! — זאָג איך, אבי זיך אָפּצוטשעפּען פון דעם נודניק...

ברענגט ער מיר עפעס אַ טעלערל מיט מוטנע וואסער, אַף וועלכן עס שווימען אַרום צווי עלנטע, היימלאָזע ציבעלעס, ווי פאַרלוירענע שיפן אין גרויסן אָקעאַן, און ער פרעגט:

— איצט וואָס'ט איר עסן פאַר צושפּייז?...

— וואָס פאַר אַ צושפּייז האָט איר? — פרעג איך.

— מיר האָבן — זאָגט ער — צווייערליי צושפּייזן, איינער פון נאָטוס, אַ צווייטער פון פראָטוס...

— פראָטוס! — וואָרטשע איך אַרויס און פיל, אַז עפּעס וועט דאָ געשען...

גענעצט ער זיך ווידער אויס איבער מיין קאָפּ און מאכט צו מיר:

— איך וואָלט אייך ניט געראָטן צו נעמען פּראָטוס, נאָר נאָטוס, ווייל נאָטוס איז געזינטער פון פּראָטוס, אַכוצדעם, זאָגט ער, האָבן מיר ניט מער קיין צושפּייז פון פּראָטוס, נאָר פון נאָטוס, איר'ט נעמען נאָטוס?

— גיט נאָטוס!

גענעצט ער זיך אַוועק, דער קעלנער, און קומט באַלד צוריק מיט דריי געקאָכטע ראָזשינקעלעך, און מיט אַ כשאַד פון אַ גע-קאָכטער פייג.

— און איצט, זאָגט ער, וואָס'ט איר נעמען פאַר אַ געטראַנק? מיר האָבן, זאָגט ער, צווייערליי סאָרט געטראַנקען — איינס פון נאָטוס, ס'צווייטע פון פּראָטוס... נאָר איך וואָלט אייך, זאָגט ער, ניט געראָטן צו נעמען קיין נאָטוס, נאָר פּראָטוס, ווייל פּראָטוס, זאָגט ער, איז געזינטער פון נאָטוס, כאָטש נאָטוס איז אויך אַ גע-זונט מאַיכל... אָבער צו פּראָטוס קומט עס ניט. ווייל פּראָטוס, זאָגט ער, האָט אין זיך מער פעטקייט, ווי נאָטוס. אַכוצדעם, זאָגט ער, האָבן מיר איצט ניט מער קיין טיי פון נאָטוס, נאָר פון פּראָטוס. פריער, זאָגט ער, האָבן מיר געהאַט נאָטוס אויך. נאָר איצט איז אויסגעגאַנגען דער גאַנצער נאָטוס, און ס'איז גע-בליבן ניט מער, ווי פּראָטוס. איך אליין, זאָגט ער, האָב בעסער ליב נאָטוס, ווייל פּראָטוס...

ווי זאָגט איר: אַ מענטש דאַרף זיך איינהאַלטן. ווי אַזוי קען מען זיך איינהאַלטן? מ'איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש — האַ?

---

# אופגעגעסן א געשעפט.

(א מאַיסע ווי אַזוי צוויי יונגעלייט האבן אופגע-
געסן א געשעפט אין איינע צוויי שאָ)

מיינער א באַקאַנטער דערציילט:

מיט פרוזדאַקן האָב איך אַמאָל געאַרבעט צוזאַמען באַ אַ פאָטאָגראַפשטשיק. איך האָב זיך געפילט זייער נאָענט צו אים, וואָרום ער איז געווען זייער ענלעך צו מיר סיי אין אויסזען, סיי אין כאַראַקטער: ער — א הויכער, איך — א הויכער. ער האט געהאַסט דעם באָס, ווי א כאַזער, — איך אויך. ער איז געווען א גרויסער ליבהאָבער פון דער נאַטור, און איך בין פון דער נאַטור אויך געווען אַ גרויסער ליבהאָבער. ער פלעג רעגלמעסיק באַ-וואונדערן די מיטן-נאַכט-זון אַף די „פיאָרדן", וואָס ער האָט קיינמאָל ניט געזעען, און איך פלעג אויך סיסטעמאטיש זיין אַנטציקט פון דעם זון-אונטערגאַנג אַף די אַלפן, וואָס איך האָב אויך קיינמאָל ניט געזעען.

נאָר אין איין זאַך האָבן מיר זיך שטאַרק אונטערשיידט: ער פלעגט אָפט אונטערהוסטן מיט א ניגן און מיט אַ כריפּ, און איך האָב עטלעכע מאָל געפרואווט הוסטן, אָבער אָן דערפאָלג.

ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז אונטער דער היינטיקער סיסטעם איז פאַר אַזעלכע צוויי יונגעלייטלעך, ווי מירביידע, שווער געווען צו עקזיסטירן. און כאָטש מיר זיינען געווען ווילִיק אַרומצוגיין ליידיק אפילע א יאָר, אַבי זיך צו דערשלאָגן צו אַזא שטעלע, באַ וועלכער מ'זאָל ניט דאַרפן אַרבעטן, האָט זיך עס אונז דאָך נישט איינגעגעבן.

איינמאָל זיצן מיר אזוי אין אונזער רומקע, רופט זיך צו מיר אָפּ פרוזדאַק:

— וויסטו וואָס מיר איז איינגעפאַלן, עליע?

— וואָס איז דיר איינגעפאַלן, פּרוזדאַק?

— מיר איז איינגעפאַלן, עליע, אַז מיר זאָלן האַנדלען מיט פּאַטענט-מעדיצינס.

— ס'איז גאָר ניט קרום! — זאָג איך — אָבער וואו נעמט מען געלט!

— געלט? — זאָגט ער — מ'דאַרף ניט קיין געלט!

— דאָס איז שוין גלאַט געפּאָנפּעט — זאָג איך — וואָס הייסט, מע דאַרף ניט קיין געלט?

— אַזוי הייסט עס! — זאָגט ער, און ער צעלייגט מיר דעם גאַנצן פּלאַן אַפן טעלער. — העיויס — זאָגט ער — אַזוי ווי אין די צייטונגען איז אָפּט אַנאָנסירט, אַז מע גיט אַוועק „מעדיצין-מוס-טערן" פריי, בעכיין — זאָגט ער — וועלן מיר אָנקלייבן אַסאַך אַזעלכע מעדיצינען, און דערנאָך וועלן מיר זיי פאַרקויפן און מאַכן געלט, ווי בלאָטע.

געפעלט מיר דער פּלאַן און מיר גיבן זיך די הענט, אַז דאָס געשעפט וועט גיין בעשוטפעס, און וויפל גאָט וועט צושיקן, וועלן מיר זיך טיילן העלפט אַף העלפט.

— לאָמיר זיך טאַקע באַלד אַ נעם טון צו דער אַרבעט — מאַכט מיין פּרוזדאַק, און מיר זעצן זיך גלייך אַוועק און צע-שרייבן עטלעכע הונדערט קאַרטלעך נאָך פרייע מוסטערן פון פּאַטענטירטע רעפּועס.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט די פּאָסט אָנגעהויבן ליפערן די סכוירע: שמירעכצער, וואַסערלעך, פּאַמאַדעס, פּילן—קליינע, מי-טעלע און גרויסע קאַפּסולן, פּראָשקעס, פלעשלעך, סלאָיעקלעך, פלאַסטערס — אַ גאַנצע אַפּטייק.

מיין פּרוזדאַק איז ניט קיין פוילער, ער צעפּאַקט דאָס אַלעס ווי געהעריק איז, לייענט איבער די צעטלעך און צעשטעלט דאָס אַפן טישל מיט אַ סיידער: פלעשלעך צו פלעשלעך, סלאָ-יעקלעך צו סלאָיעקלעך. און יעדע קראַנקייט באַזונדער: מאָגן-קראַנקייט — הינטן, מערידן — פּאָרנט, ווייבערשע קראַנקייטן — רעכטס, אויערן, האַרץ און לעבער — לינקס א. א. וו. בעקיצער, אַלעס איז געוועזן צעשטעלט אין דער בעסטער אָרדענונג, קי-מאַט ווי אין אַן אַפּטייק, נאָר קיין קוינים זיינען ניט געקומען.

— שלעכט!

— פֿאַסקודנע!

— ווייסטו, וואָס מיר איז שוין ווידער איינגעפֿאַלן? — מאַכט פּרוזדאַק.

— וואָס? — פֿרעג איך.

— אַזוי ווי קיין קוינים קומען ניט און אַזוי ווי די סכוירע קאָן נאָך קאַלי ווערן פֿונם הייסן וועטער, זאָלן מיר דאָס אַליין פֿאַרניצן פֿאַר זיך.

— אָבער וואָס טויג מיר דיין מעדיצין — זאָג איך — מיר פֿאַלט אַרויס דאָס האַרץ נאָך א שטיקל ברויט. איך בין טויט-הונגעריק.

— איך שטאַרב אויך נאָך אַ ביסן — מאַכט ער — אָבער מיט עטלעכע שאַכטלען פּילן קאָן מען אָפּפּאַטערן א גאַנץ פֿיינעם מאָלצייט.

האָבן מיר גענומען שלינגען פּילן. איך א פּיל — ער אַ פּיל. אַזוי פֿאַמעלעכן האָבן מיר אויסגעשלונגען אַלע זעקס שאַכטלען פּילן — מיינסטנס פֿאַר פֿאַרשטאָפּונג.

— און איצט — זאָג איך — לאָמיר עפּעס פֿאַרטרינקען.

ער האָט גענומען דאָס ערשטע פֿלעשל, וואָס איז געקומען צו דער האַנט, און גענומען זופּן, ער אַ זופּ — איך א זופּ.

אַז מיר האָבן אויסגעזופּט אלע פֿלעשלעך, האָב איך געמאַכט אַ פֿאָרשלאַג, אַז מיר זאָלן זיך נעמען צו די פּראָשקעס.

— העלפֿט אַף העלפֿט — מאַכט פּרוזדאַק מיט אַ קאָל פֿון אַ מעס און האַלט זיך פֿאַרן בויך.

— האָב ניט מוירע — זאָג איך — איך וועל דיר ניט באַשווינדלען.

און מיר האָבן גענומען טון די פּראָשקעס זייער רעכט: מיר א פּראָשעק — אים אַ פּראָשעק, אים אַ פּראָשעק — מיר א פּראָשעק, ביז מיר האבן אויסגעליידיקט אַלע פּאַפּירלעך.

אַז מיר זיינען פֿאַרטיק געוואָרן מיט דער סודע, האָבן מיר זיך באַשמירט די קעפּ מיט מוסטער-פּאָמאַדע, און פֿון דער גאַנצער אַפּטייק איז נאָך געבליבן בלויז עטלעכע פּודעלעך זאַלב — שוואַרצע און געלע — און א 12—10 שוואַרצע פּלאַסטערס.

— וואָס טוט מען מיט דעם? — פרעגט פּרוזדאַק, און לייגט זיך אפן בעט מיטן בויך אראָפּ.

— וואָס זאָל מען טון? — זאָג איך און לייג זיך אַפן בעט פון יעסורים — עס הייבט מיך אָן נעמען אינעווייניק!

— טו זיך אויס — זאָג איך, — וועל איך דיך איינרייבן!

פּרוזדאַק האָט זיך אויסגעטון, ווי די מאַמע האָט אים גע-האַט, און איך האָב אים גענומען באַארבעטן מיט דער שוואַרצער זאַלב. דאַן האָט ער אף מיר געמאַכט דיזעלבע אָפּעראַציע מיט דער געלער זאַלב, און נאָכדעם, ווי מיר האָבן זיך קעגנזייטיק אויסגעפּלאַסטערט די בייכער מיט די מוסטער-פּלאַסטערס, האָבן מיר זיך אַריינגעלייגט אין בעט אַריין.

אין אַ פערטל שאָ אַרום איז דאָס גאַנצע הויז געווען אַף די פיס. א טייל לאָקאַטאָרן האָבן געמיינט, אז ס'האָט אויסגעבראָכן אַ כאָלערע און האָבן זיך געפּאַקט צו אַנטלויפן. אַנדערע האָבן געשריגן, אַז צוויי כאַווײרים האָבן זיך פאַרסאַמט... באַלד זיינען געקומען צו פליען צוויי דאָקטוירים. און דערזעען אונזערע אויס-געפּלאַסטערטע בייכער, האָבן זיי גענומען פּאָמפּען און לאַכן... לאַכן און פּאָמפּען... אָבער איך און מיין פריינט פּרוזדאק זיינען געווען אין א זייער ערנסטער שטימונג.

— — — — — — — — — — — — — — —

— און איצט — האָט מיין באַקאַנטער פאַרענדיקט — אַז מע וועט אייך זאָגן, אז א מענטש קאָן אופּעסן אַ געשעפט אין עט-לעכע טעג, זאָלט איר עס גלויבן...

---

# איך — אלס ביישפּיל.

די צייטן זיינען געווען שלעכט. די צייטן זיינען געווען בי־טער, נאָך פיל ביטערער ווי איר דיינקט. צו עסן איז ניט געווען וואָס, און דאָס ביסל, וואָס איז געווען צו עסן, איז אויך ניט געווען מיינס, נאָר עמעצן אַנדערשס.

דער עמעצער אַנדערש איז — ס׳ראָוו — געווען אַן אומבאקאַנ־טער, א פרעמדער, דער רועך ווייסט פונוואַנען.

מענטשן, וואָס איך האָב זיי ניט געקענט און האָב אַפילע קיינמאָל ניט געהערט זייערע נעמען, זיינען געגאַנגען פריי אי־בער די גאַסן און געגעסן זאַפטיקע באַרן און עפּל און שקאַר־מוצן מיט רויטע קארשן און צעשניטענע שטיקלעך אוגערקעלעך, און זיי האָבן געשיילט באַנאַנעס און געוואָרפן די שאָלעכץ אונ־טער מיינע פיס, און איך בין זיך ניט קיין פרעמדער און איך קאָן זיך אַזוי גוט—איך בין אַרומגעגאַנגען ליידיק און מיינע ציין זיינען ארומגעגאַנגען ליידיק. אין יעדן פון מיינע צוויי אויגן איז געהאַנגען אַ כאָלעם פון אַ פרישן פרישטאָק. און אין יעדן פון מיינע נאָזלעכער האָט געציטערט די ליידנשאַפט צו א קאָשערן רעסטאָראַן, צו א וואַרעמען דרייסיקסענטיקן מאָלצייט.

איך בין אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן, געדרייט אין דערלופט מיין שטעקן און זיך געוואונשן ענטוועדער דעם טויט, אָדער אַ גליקלעכע צוקונפט.

דער טויט איז ניט געקומען, און ווען ער וואָלט געקומען, וואָלט ער מיך ניט געפונען, ווייל איך האָב זיך געהאט ארויס־געצויגן פון דער אַלטער דירע, און די גליקלעכע צוקונפט איז געווען ווייט, אזוי ווייט, ווי זי איז אַלעמאָל, אַפילע אין דער צוקונפט — איז בא מיר געבליבן זוכן אַרבעט.

זוכן. אַרבעט זוכן. לאָמיר א זוך טון אַרבעט. אַזוי האָב איך געזאָגט צו זיך, ווייל דאָס וואָרט אַרבעט האָט מיך געשראָקן. איך בין שוין געווען אָפּגעוואוינט דערפון. אַכוצדעם, האָב איך מוירע געהאַט, אז איך וועל מיך דאַרפן איינשמירן די הענט און דער גלאַנץ וועט מיר אַראָפּ פון די נעגל.

איך האָב געהאַט זייער שיינע נעגל!

עס האָט געהאַלטן שמאָל, זייער שמאָל. מיינע באַקן זיינען געוואָרן איינגעפאַלענער פון טאָג צו טאָג, מיין ברוסט-קאַסטן איז געוואָרן פלאַך, ווי א סקיצע אין א ניו-יאָרקער אידישן בלאַט. מיינע אויגן האָבן זיך צוריקגעצויגן פון דער דרויסנדיקער וועלט און זיך באַהאַלטן אין די לעכער, און זיך געפוילט אָנצוקוקן די זאַטע, קנישעסדיקע וועלט. מיינע הענט זיינען געוואָרן שוואַך. מיין האָפענונג אויך. זי האָט ניט מער געפלאַטערט, ווי א זיי־דענע פאָן אין ווינט, נאָר געלעגן שווער אף דער נעשאָמע, ווי א קאָלדרע, וואָס הייגט אַרויס פונם פענצטער און וויל אַראָפּ־פאַלן, נאָר זי קאָן ניט...

עס האָט אָנגעהויבן ווערן ערנסט.

און ערנסטער.

און זייער ערנסט.

אַ שטעלע. איך דאַרף אַ שטעלע. „דאַרף איך — האָב איך זיך געפרעגט שוין אַפּן קאָל, אזוי אַז איך זאָל דערהערן — דאַרף איך א שטעלע?“ און איך האָב זיך געענטפערט: „יאָ, אַבסאָלוט. סע קאָן אנדערש ניט זיין. עס מוז קומען די צייט“.

און איך האָב זיך אויסגעקנאַקט די פינגער פון די הענט.

און מיינע אויגן האָבן געשוויצט מיט הייסע טרערן.

און ווען ניט א געוויסער „פּלוצים“ — ווער ווייסט, וואו איך וואָלט היינט אָנגעשלאָגן — אַף וועלכן בייסוילעם?!

דערדאָזיקער „פּלוצים“ איז געקומען אין געשטאַלט פון מיי־נעם א באַקאַנטן, וועלכער האָט מיר „פּלוצים“ א קלאַפּ געטון אין פלייצע און געזאָגט:

— גוט-מאָרגן.

איך האָב געענטפערט זייער מאָגער און אויסגעהונגערט:

— ס'מאַכסטו?

ער האָט געזאָגט:

— אַ דאַנק. ס'מאַכסט דו?

איך האָב געענטפערט:

— ניט גוט. איך אַרבעט ניט. ס'מאַכסטו אַליין?

— איך—האָט ער געענטפערט—בין אַ רעפערענט. איך לייען רעפעראַטן איבער קרימינאָלאָגיע און איך דאַרף האָבן צו זיך נאָך אַ מענטשן, ער זאָל ארבעטן באַ מיר אַלס..ביישפּיל!

— וואָס הייסט „אַלס ביישפּיל"?

האָט ער מיר דערקלערט, אַז אַזוי און אַזוי. און ער וועט מיר געבן א דאָלאַר מיט ניינציק סענט אַ טאָג, און איך זאָל קו- מען מאָרגן צו דער אַרבעט.

— צו דער אַרבעט אלס ביישפּיל! — האָט זיך מיר ניט גע- לייגט אַפן סייכל, אַז ער מיינט עס ערנסט.

— אַלס ביישפּיל מיט אַ דאָלאר ניינציק סענט אַ טאָג. — האָט מיין באַקאנטער מיך פארזיכערט, אז ער מיינט עס ערנסט, און קעדיי צו באווייזן, אַז ער מיינט, וואָס ער זאָגט, האָט ער מיר גלייך אויסגעליגן עטלעכע דאָלאר פאָרויס, אן „אדרוף".

צו מאָרגנס, זייגער אַכט באַנאַכט, בין איך געקומען אַף דעם אָרט, וואו מ'האָט מיר געהייסן. ס'איז געוועזן א גרויסער זאַל געפאַקט מיט נייגעריקע פרויען און מאַנסבלען, וואָס האָבן אַף זיך געטראָגן טויט-ערנסטע פּענימער, און ביכלאל האָבן זיי אַף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פון א בייסוילעם, וואָס אָטעמט שטיל, אָבער זיכער...

מיין באקאַנטער, אָנגעטון אין זיין בעסטן פליך און אָנגע- שפּאַרט אָן א פלעשל זעלצער-וואַסער, איז געשטאַנען אף דער פּלאַטפאָרמע און גערעדט. אַז ער האָט מיך דערזעען, האָט ער מיר א וואונק געטון מיט א פינגער, איך זאָל ארופגיין.

איך האָב אזוי געטון. ניט געוואוסט אין וואָס מיין אַרבעט באַשטייט, האָב איך זיך אוועקגעזעצט אף א ביינקל הינטער דעם רעפערענט און גענומען אזוי פאַמעלעך איינדרימלען פון מידקייט.

באַלד האָב איך דערפילט אף זיך א האַנט, און מיין באקאַנ- טער האָט צו מיר געזאָגט שטילערהייט:

— שטעלט זיך אוף. איר דאַרפט זיך שטעלן צו דער ארבעט אַלס—ביישפּיל.

איך האָב זיך אופגעהויבן.

— קומט צו נעענטער צום אוילעם!—האָט ער מיר באַפוילן.

איך האָב אַזוי געטון — מיט גרויס שרעק און מיט קניציטער-ניש, ווייל ביז דעמאָלט איז מיר נאָך קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו קוקן אַזאַ אוילעם אין פּאָנים אַריין. איך האָב געמיינט, אַז איך פּאַל!

— האַלט זיך! — האָט מיך מיין רעפּערענט און באַלעבאָס אונ-טערגעגעבן מוט — ס'איז א דאָלאַר מיט נײַנציק סענט...

— אַ דאָלאַר מיט נײַנציק סענט — האָב איך אין גערדאַנק גע-ציילט דאָס געלט אין סענטן, קעדיי ס'זאָל זיין וואָס מער, און ס'זאָל מיר געבן קויעך צו שטיין אַף די פיס...

— פריינדע!—האָט זיך דער רעפערענט געווענדעט צום אוי-לעם און אָנגעוויזן אַף מיין בלאַס צעשראָקן פּאָנים מיט די אויגן, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין פינטלען. — פריינדע, איך האָב אייך ערשט געזאָגט, אַז דער געוויינלעכער פאַרברעכער איז א נידע-ריקער מענטש, א כאַיע, אַ קאַניבאַל, אַן עקלהאַפטע באַשעפעניש, און איצט האָב איך א געלעגנהייט צו אילוסטרירן מיין גערדאַנק מיט אַביישפּיל. אָט גיט א קוק אַף דעמדאָזיקן יונגנמאַן (ער האָט אָנגעוויזן אַף מיר), באַטראַכט זיינע נאַרישע אויגן, וואָס האַלטן אין איין פינטלען... קוקט זיך צו — האָט ער געוויזן אַף מיר מיט א פינגער — קוקט זיך-צו צו זיין אידיאָטישן פּאָנים... און איר וועט וויסן, ווי אַזוי עס זעט אויס א מענטש, וואָס האָט פאַרברעכערישע אינסטינקטן!...

עס איז מיר געוואָרן פינצטער אין די אויגן און איך האָב עפּעס געוואָלט זאָגן — זיך פאַרטיידיקן, אָבער כ'האָב ניט גע-קענט. ס'איז מיר קאָם געלונגען ארויסצורעדן עטלעכע ניט-פאַר-שטענדלעכע ווערטער...

— מיינע פריינדע! — איז דער איד אָנגעגאַנגען ווייטער מיט זיין רעפּעראַט איבער קרימינאָלאָגיע און מיך צוגעהאַלטן בא דעם געליינק פון דער האַנט — ווי איך האָב פריער געזאָגט, זיי-נען פאַרברעכער שוואכזיניקע מענטשן און זיי ווייסן ניט, וואָס זיי רעדן, און אז זיי ווערן בייז און ווילן אויסדריקן אַ פּראָטעסט, בעבען זיי, גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין... ווי דער יונגערמאַן, וואָס שטייט דאָ לעבן מיר אַף דער פּלאַטפאָרמע (ווייזט ווידער אַף מיר) האָט אייך באוויזן... ער איז איינער פון

די געפּערלעכע פאַרברעכער, וואָס קענען ניט אויסדריקן זייערע געפילן מיט ווערטער, ווייל דער מאַרך אַרבעט באַ זיי ניט... און דעריבער, אַז זיי ווערן אופגערעגט, נעמען זיי זיך באַלד שלאָגן און האַרגענען...

איך האָב אים דערלאַנגט אַ פּאַטש.

— פריינדע! — האָט ער זיך אָפּגעווישט דעם פּאַטש מיט אַ ווייס טאַשנטיכל — ווי איר זעט, האָט איר דאָ פאַר זיך אַ ריכ-טיקן טיפּ פון יענעם האַלב-מעשוגענעם פאַרברעכער, וואָס קען דערהאַרגענען אַ מענטשן צוליב גאָרניט. דידאָזיקע פאַרברעכערס זיינען זייער געפערלעך, אָבער מע קען זיי לייכט דערקענען אָן דעם, וואָס זיי פינטלען מיט די אויגן און זיי זיינען געל ווי וואקס און זיי רעדן אַף שטום-לאָשן און זיי כאַפּן זיך פּאַשטן באַ יעדער געלעגנהייט. און עס גייט זיי אַזש אַ שוים פון מויל, און די אויגן צינדן זיך באַ זיי אָן, ווי לאַמטערנעס. אָט קוקט אים אָן! — האָט ער געוויזן אַף מיר און זיך אָפּגערוקט אַ פּאָר שריט אַף הינטערווייַלעכס — ער וויל זיך שוין ווידער שלאָגן. דאָס איז — האָט ער פאָרגעזעצט און געהאַלטן אַף מיר אַן אויג — דאָס איז דער עמעסער פאַרברעכער-טיפּ... און דעריבער ענדיק איך מיין רעפעראַט מיט די ווערטער: דערציט אייערע קינדער! בילדעט זיי! נעמט זיי צו לעקטאָרס און זעט, אַז זיי זאָלן ניט אויסוואַקסן אַזוינע אידיאָטן און פאַרברעכער, ווי דערדאָזיקער דאָ...

— — — — — — — — — — — — — — —

אַז איך בין געקומען צו זיך, איז שוין געווען האַלב-פינצטער-לעך אין זאַל, און לעבן מיר איז געשטאַנען דער רעפערענט, מיר געריבן ס׳האַריקע האַרץ מיט עסיק און מיר געשטופּט אין האַנט אַריין דעם דאָלאַר מיט ניינציק סענט פאַר מיין אַרבעט, אַלס ביישפּיל.

— איר וועט מאָרגן נאָכאַמאָל קומען? — האָט ער געפרעגט, נאָכדעם ווי ער האָט מיר געהאָלפן זיך אופזעצן און מיר אָנגעטון ס׳היטל — ס׳איז זייער אַ גוטע אַרבעט פאַר אַזאַ מענטש ווי איר, וואָס האָט אַ שוואַך האַרץ און איר טאָרט ניט אַרבעטן אין קיין שאַפּ. און פאַר מיר לוינט זיך אויך, ווייל מיינע צוהערער האָבן ליב, אַז איך אילוסטריר מיינע לעקציעס מיט לעבעדיקע ביי-שפּילן. נו, וועט איר קומען מאָרגן?

איך האָב זיך געשטעלט אף די פיס, זיך צו רעכט געמאכט ס'היטל, זיך אָנגעהאלטן אָן ביינקל, אים געקוקט גלייך אין די אויגן אריין און געזאָגט מיט אלע קויכעס:

— פא-ר-ך!!

דערנאָך האָב איך זיך ווידער אוועקגעלייגט אף דער פלאט-פאָרמע און געכאלעשט א לייגגערע צייט...

---

# איך — אלס ווידערקאָל.

איך האָב שוין אין מיין לעבן — זאָגט דער שרייבער פון דידאָזיקע שורעס — געהאַט פאַרשיידענע צייטן און אויך פ אַ ר ש יי ד ע נ ע ר ע. איך האָב שוין אין מיין לעבן געאַרבעט באַ אלערליי מעלאָכעס, וואָס מע קען זיך נאָר פאָרשטעלן, און אויך באַ אַנדערע. אָבער יענע צייט, זאָגט ער, וואָס איך האָב געאַרבעט אלס ווידערקאָל, פאַר 2.40 דאָלאַר א טאָג, מיט פרייער וועש, וועל איך ניט פאַרגעסן, ביז מ׳וועט מיר ניט לייגן קיין שערבלעך אף די אויגן...

שטעלט זיך פאָר: איך, א הויכער, א שלאַנקער, א צווייהעגטיקער מענטש מיט אויגן, וואָס זעען, מיט אויערן, וואָס גייען אין דער אָפּערע, מיט פיס, וואָס פאַרשוכען איבער 20 דאָלאַר אַ יאָר — שטעלט זיך פאָר, זאָג איך, אין וואָס פאַר אַ לאַגע איך האָב זיך געמוזט געפינען, קעדיי אָנצונעמען א שטעלע אלס ווידערקאָל, מיט א געהאַלט פון 2.40 דאָלאַר א טאָג און פרייע וועש...

אך! מ׳ין לאגע איז געווען א פארצווייפלטע, און די קרעכצן און די זיפצן, וואָס זיינען צו יענער צייט ארויס פון מיין ברוסט, האָבן געקענט אָנפילן ס׳שענסטע אידישע טעאַטר. און פון די אויגן איז מיר גערונען ניט קיין בלוטיקע טרערן — נאָר הייסע בלוטיקע טרערן!.. דידאָזיקע טרערן האָב איך געלאָזט רינען פריי איבער מיין וועסטל — דערנאָכדעם פלעג איך נעמען ס׳וועסטל און עס אויסדרייען, און עס ארויסהיינגען אין דרויסן— ס׳זאָל זיךטריקענען.

קורץ: ס׳איז מיר געווען שלעכט, ערגער, ביטער. די צייט האָט זיך געטון אירס — זי האָט ניט געהאַט קיין צייט צו וואַרטן,

זי איז געגאַנגען אָן און אופהער, און איך בין אַרומגעגאַנגען גלייך מיט דער צייט: נאַקעט און באָרוועס. אָן א דימענטשפּילקע אפן לייב...

בין איך אַלזאָ געוואָרן א וואָס? א ווידערקאָל! א ווידער-קאָל בין איך געוואָרן, מיינע פריינט! אַן עכאָ — פאַר 2.40 דאָ-לאַר א טאָג, מיט פרייער וועש...

— דערצייל, ליבער, דערצייל, ווי אזוי האָט דאָס פּאַסירט!

— נו, גוט. איכל דערציילן:

דאָס איז געווען נאָכדעם, ווי איך האָב א לאנגע צייט גע-זוכט אַרבעט און ניט געקענט געפינען. אומעטום, וואו איך בין געקומען זוכן באַשעפטיקונג, האָב איך געקראָגן דעם ענטפער, אז אַזוי און אַזוי — ענטוועדער מ'האָט פאַר מיר ארבעט, אָדער — פאַרקערט. אין ערשטן פאַל בין איך געווען אומגליקלעך, ווייל כ'האָב מוירע געהאַט, אַז מ'וועט מיר אָנשלאָגן, איך זאָל זיך שטעלן אַרבעטן — וואָס דאָס איז געווען קעגן מיינע איבערציי-גונגען אלס מענש און ליידיקגייער. און אין צווייטן פאַל האָב איך גלאַט אזוי אוועקגעלייגט די אויגן אפן ארבל און גע-וויינט — ס'גרעסטע געוויין...

אז ס'האָט שוין געהאלטן גאָר שמאָל — אזוי שמאָל, אז איך האָב שוין ערנסט גענומען טראכטן וועגן פאָרן אין פּאַלעסטינע, און דאָס וואסער האָט שוין דערגרייכט אזוי ווייט (אָנווייזנדיק אף מיין נייעם 98-סענטיקן קראוואַט!) — דעמאָלט האָב איך דער-האַלטן א בריוו פון א פריינט מיינעם, א פערמער, אין וועלכן ער האָט מיר אָנגעבאָטן ווערן א ווידערקאָל מיט א געהאַלט פון 2.40 דאָלאר אַ טאָג און פרייע וועש.

„איך — א ווידערקאָל! ניט מער דער שיינער, דער כיינעוו-דיקער יונגערמאַן, מיט זיין הויכער שטעלונג אין דער געזעל-שאַפט, מיט זיין פאַרפירערישן שמייכל און פייערדיקע אויגן — נאָר א ווידערקאָל... אן עכאָ... אן אָפּקלאנג... אן אבסטראקט — אזוי צו זאָגן"...

אָט-אַזוי האָב איך מאָנאָלאָגירט, און זיך געריסן די לאָקן פון קאָפּ, און זיי ארויסגעלאָזן דורך די פענצטער פון דער באַן, וואָס האָט מיך געטראָגן צו מיין קאריערע אלס עכאָ...

אז איך בין אָנגעקומען אהינצו אױף דער פערמע און זיך באַ-
גריסט מיט מײַן פערמערישן פרײַנט, האָט זיך צװישן אונז גע-
שטעלט דער העכסט-פּאָלגנדער שמועס:

איך: אין װאָס באַשטײט מײַן אױפגאַבע אַלס װידערקאָל, אַשטײגער?

ער: װעסט מוזן שטײן אַ גאַנצן טאָג לעבן דעם בריקל פון מײַן טײַך און אַרבעטן אַלס — עכאָ.

איך: דער סײכל?

ער: פאַרשטײסטו מיך, ס'זענען פאַראַן מענטשן, װאָס זײַנען גרױסע נאַטור-ליבהאָבערס און זײ האָבן האָלט ס'זאָל עכאָ'ן... און אַזױ װי מײַן קאָנקורענט האָט פאַראַיאָרן צוגענומען אַ מענטשן און אים אװעקגעשטעלט ערגעץ בײַ אַ בריקל — ער זאָל עכאָ'ן, האָב איך הײַנטיקס יאָר אַנגאַנסירט, אַז מיר האָבן נאָך אַ שטאַר-קערן װידערקאָל אין אונזער װעלדל — װײַל איך דו זאָלסט זײַן דאָס װידערקאָל... װײַל דו האָסט אַ געזונט קאָל...

שפּעטער מיט אַכט מינוט בין איך שױן געלעגן פאַרשטעקט ערגעץ אין אַ זומפּיק װעלדל און געװאַרט... אױף דער געלעגנ-הײט, אױסצופּרוּװון מײַן טאַלאַנט אַלס װידערקאָל...

באַלד איז פאַרבײַגעגאַנגען אַ איד, און פון זײַנע באַװעגונ-גען מיט די הענט, װי אױף צו כאַפּן פליגן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער מוז זײַן אַ פאַרהערער פון דער מוטער נאַטור, און אַ זוכער פון... עכאָ'ס.

באַלד האָט זיך דערהערט אַ רוף: האַ-לאָ, װער איז דאָרטן? איך האָב פּראָמפּט צוריקגערופן: האַ-לאָ, װער איז דאָרטן?

— אַ פײַנער טאָג! — האָט געזאָגט ס'קאָל — און איז געקו-מען אַלץ נעענטער.

— ריכטיק! — האָב איך געענטפערט — אַ פײַנער טאָג! דער „ריכטיק" איז געװען איבעריק — אָבער נ א ט י ר ל ע ך.

— זײַנען מיר, הײסט עס, אין דאָרף — האָט גערופן ס'קאָל. און איך האָב צוריקגערופן מיט דערזעלבער באַטאָנונג: זײַנען מיר, הײסט עס, אין דאָרף.

— כאָכאָ! — האָט געלאַכט ס'קאָל.

כאָכאָ! — האָב איך, אַלס װידערקאָל, צוריקגעלאַכט.

— װאו זענט איר? — האָט געפרעגט ס'קאָל.

— וואו זענט איר? — האָב איך צוריקגעפרעגט.

— כאָכאָכאָ! — האָט זיך ס׳קאָל געהאלטן בא די זייטן פון לאכן.

— כאָכאָכאָ! — האָב איך צוריקגעלאַכט אף א היסטעריש קאָל.

א ווײַלע איז געווען שטיל. איך האָב זיך דערווײַל פּאַרוי־כערט א ציגאַרעטל, און באַלד האָט ס׳קאָל ווידער געפרעגט:

— וואָס מאַכט איר עפּעס?

— אַ דאַנק! — האָב איך געענטפערט — איך בין געזונט. וואָס מאַכט איר אַליין? — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין א האַלבער שאָ ארום האָב איך געהאַלטן אף דער דאָ־לאָניע 2.40 דאָלאַר — געצאָלטס פאַר מײַן מערדערישער אַרבעט, אלס ווידערקאָל, און מײַן פריינט, דער פערמער האָט מיר גע־וויזן מיטן פינגער אוואו די באַן־סטאַנציע איז, און ער האָט מיך געוואָרנט, אַז איך זאָל אַכטונגעבן, ווי איכ׳ל אריבערגיין די רעלסן — אז ניט וועט מען מיך איבערפאָרן...

# דיינע שמעטערלינגען.

## ערשט קאַפּיטל.

א טאָג געווען — פול מיט גאָלד-ליכט. האָב איך גוט געשפּייזט, געקושט מיין ליבע פרוי און זי געפרעגט:

— עפשער כאַפּן שמעטערלינגען פאַר דיר?

— יאָ, רייז*).

— יאָרייז — צוזאַמען. א שיין וואָרט — קימאט ווי זשאָרעס. סאָציאַליסטן ווייסן.

און מיר זיינען איבער די שטויב-וועגן אַוועק, אריבער די האָבער-פעלדער, און דאָרטן האָבן מיר זיי געדאַרפט כאַפּן — די שוואַרצע שמעטערלינגען.

צווייט קאַפּיטל קומט.

## צווייט קאַפּיטל.

שוואַרצע שמעטערלינגען. זיינען אָבער ניט אלע גלייך, א טייל זיינען מיט רויטפּונקטן אָפּגעשאָטן, א טייל זיינען בלוי-געל געפלעקט — און אַלע זיינען שיינפאַרביק, ציטערדיק און לייכט און ווילן לעבן — ניט ווייניקער ווי איך, אייער גראַציעזער שלאַנקער דיכטער.

דריט קאַפּיטל קומט.

## דריט קאַפּיטל.

אביסל צוריקגיין צו דער נאַטור-באַשרייבונג. איז ערלויבט?

*) דעם אוטאָרס עמעסער נאָמען איז ר יי ז.

עס זיינען וואַרעמליידיקע טעג געווען.

אויסגעטון פון אלצדינג, זיינען זיי אַף א ברעג געלעגן און אונז געלאַנגווייליקט מיט זייער געל-פּלעכענער גאָרניט-זאָגנ-דיקייט.

זיינען אויך פייגל געווען — האָבן זיי געפּיפּן. פּיפּיף. און ענלעכס.

זיינען אויך יונגע קעלבלעך געווען — פלעגן זיי לאַנג שטיין קעגן דער געלער הימל-מאַראַנץ און לעקן איר זאַפט — טעאַ-רעטיש.

זיינען אויך אידישע שניידער-מיידלעך געווען, פלעגן זיי לאַכן הויך און ציינערדיק צו די נאַרישע בערג ארוף, וועלכע האָבן צוריקגעשפּיגן דיזעלבע ווערטער אף שלעכט-דאָרפישן אידיש. מיט אַ האַרטער „ר”.

זיינען אויך עטלעכע קריסט-מוידן געווען — שיקסעס, אויב איר ווילט. מעל-בלאַסע, מיט ארופגעשליפענע נעז און פאַר-בוימלטע אויגן, וואָס האָבן געשמעקט פון די באקאנטע אייל-לעמפּלעך הינטער די יעזוס-פּאָרטרעטן.

האָבן זיי מיר מיינע פלי-פליגל פאַרפלעקט מיט הייליקייט, און אפן דאָרף איז זייף זייער טייער.

פערט קאַפּיטל קומט.

### פערט קאַפּיטל.

קימאַט ווי אַ באַשרייבונג: מיין ליבע פרוי איז געוואָרן בלאַנ-דער פון טאָג צו טאָג און אירע אַראָפּגעהאנגענע צעפּ זיינען געוואָרן צוויי זונענפאַלן, וואָס זיינען געלאָפן איבער די שטיינער פון מיין האַרץ.

שיין-פיין איז דאָס, — ניט אזוי, דו אינגל?

און טעג קומען און פאַרגייען — פאַרשטייט זיך, אַנדערש קאָן ניט זיין, באַ דער היינטיקער ציוויליזאַציע.

און נייע טעג קומען אף די קנאפלדיקייטן פון די אלטע און פאַרמאַירעוון זיך און זיי זאמלען זיך איין צו זייערע טאַ-טעס הינטער די בערג.

פינפט קאַפּיטל קומט.

## פינפט קאַפּיטל

האָט זי צו מיר געזאָגט — די, וואָס מיין האַרץ גלוסט:
— שמעטערלינגען!
— שמעטערלינגען?
— שמעטער —

אויגנליכט — שאַרף. באַפעל — דייטלעך. ווייספּאַרטעך בלי-שטשעט אין דער זון און — זאָגט צו. בלוזעהייכקייט שטימט איין. פלייצעשיפל — שווימט אין נעכטנלאַנד אוועק און זאָגט צו מיט א גראַציעזער שווים-ליניע. גאָלדצעפּ שמייכלען און ווייס-ציין זאָגן דייטלעך:
— פאַנג שמעטערלינגען.
— שטעך זיי מיט א שפּילקע די קעפּלעך דורך.
— און ראם זיי איין.

אך, ווי זי ליבט די שמעטערלינג-פייגל. די בלאָנד-גאָלדיקע פרוי מיינע.

זעקסט קאַפּיטל קומט. ביטע, ניט אומרואיק ווערן!

## זעקסט קאַפּיטל

שטייען אף מיין קאָמאָדע דריי איבערגעקערטע טרינקגלעזער און הינטער יעדן גלאָז צאַפּלט א שמעטערלינג און וויל שטארבן.

איך, דער שרייבער פון אָט די שורעס, בין געטריי און אי-בערגעגעבן צו מיין פרוי, האָב ליב מיין קינד אָן א שיר, — האָב איך פאַרגעניגן צו טראַכטן, ווי די שמעטערלינגען וועלן אַמאָל אף ווייסער וואַטע שטעקן, דורכגענאָדלט דורך די קליינע, פיינע שמעטערלינג-קעפּ.

און מיין קליין אינגעלע, דאָס ליבע מאַלעכל, טראָגט מיר א נאָדל אונטער: „פּאַפּאַ" — עטצעטערא. אָבער מיין ליבע פרוי, און איך זעלבסט — מיר צוויי נאָבעלע זעלן, קאָנען די מער-דער-ארבעט ניט טון — לאָזן מיר די דריי שמעטערלינגען אונטער די דריי איבערגעקערטע גלעזער שלאָפן און מיר גייען ארויס באַוואונדערן די לעוואָנע, וואָס פלאַמט מיט ווייס-פייער איבער די בערג.

קאַפּיטל זיבן קומט. פיליכט ענדע.

## זיבעט קאַפּיטל.

זענען מיר אופגעשטאַנען.

האָבן מיר געזען: שוואַך, טויט-מיד האָבן קליינע פליגל אונטער דריי איבערגעקערטע וואַסער-גלעזער געפלאַטערט, און אפן ווייסן קאָמאָד-טישטעך זיינען שטיקער שמעטערלינג-פליגל געלעגן, ווי אויסגעבּרענט פּאַפּיר.

האָט איינער פון מיר און מיין פרוי ראַכמאָנעס געקראָגן און די גלעזער אופגעהויבן, האָבן צוויי שמעטערלינגען א ווײלע געפּרואווט זיך זעצן אף דער לופט און אַראָפּגעפאַלן צו דער ערד, און דער דריטער שמעטערלינג — דער שענסטער — האָט מיט די פליגל אַ פאַרביקע קלאָלע אויסגעקלאַפּט, און געבליבן ליגן באַם ראַנד פון מיין וואַסער-גלאָז.

אַ שאָד! אזוינע שיינע שמעטערלינגען, און מע קען זיי ניט איינראמען צוליב די צעבּראָכענע פליגל. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...א געשיכטע מיט שמעטערלינגען!

---

# די גראַשיציאַנער.

דער מענטש, וועגן וועמען מיר גייען דאָ מאַכן א גאַנצע באַ־שרייבונג, האט א מישפּאָכע — ער האָט כאַסענע געהאַט מיט א מישפּאָכע פון דרייסיק מאַן שטאַרק. אין דערדאָזיקער מישפּאָכע גייען אריין פעטערס, מומעס, שוואָגערס, שוועגערנס, שוועסטער־קינדער און אלע אַנדערע שלעק און אָנשיקענישן, וואָס גייען געוויינלעך אריין אין א מישפּאָכע.

שוין אין די ערשטע טעג נאָך דער כאַסענע, אז אַבעל האָט זיך געוואָלט פארברייגגען מיט זיין יונגער פרוי, האָט ער ניט געקענט צוליב דער מעכטיקער. ריזיקער, גיגאַנטישער אָנוועזנ־הייט פון זיין ווייבס קאָלאָסאַלער מישפּאָכע. די נעמלעכע מיש־פּאָכע איז געקומען געדיכט און אין גרויסע מאַסן און צו אַלע צייטן פונם טאָג, און זיך געלאָזט טראַקטירן מיט איינגעמאַכטס, מיט קיכלעך, מיט ראָזשינקעס, מיט געבראָטענע מאַנדלען, מיט (האַלב־געבראָטענע) שטיקער בעהיימע אין געשטאַלט פון ביפ־שטעקס.

די מישפּאָכע — דאָס מישפּאָכעלע — די מישפּאַכטע, איז געווען ניט קיין פּראָסטע מישפּאָכע,— יונגען ווי די בערן, מוידן ווי די לעמפּערטן, מומעס — מיט זיבן גוידערס, פעטערס מיט קאַשקעטן און מיט אונטערגעהאַקטע וואָנצן, פלימעניקעס — מיט שיך נומער צוועלף, און פלימעניצעס, ווי פייערשפייענדיקע בערג מיט היטעלעך...

אַף דעם איידעלן אַבעל, וואס האָט זיך אינגאַנצן געבלייכט ווי א פרימאָרגן, וואָס וויל אופגיין און ווייסט ניט ווי אַזוי — איז געווען א גרויס ראַכמאָנעס. די מישפּאָכע פלעגט קומען אינדערפרי און באַנאַכט און אים אופעסן מיט דער שפּענט! די טיר פון זיין הויז פלעגט זיך ניט צומאַכן — נאָר מ'איז געקומען! געגאַנגען

איז מען זייער זעלטן, אָבער געקומען איז מען — אַך! — בא יע-דער געלעגנהייט!

אז ס'איז אַוועק א כוירעש נאָך דער כאַסענע, האָט זיך אַבעל אָנגערופן צו זיין פרוי מיט דריי פרעגצייכנס:

— ???

האָט זי אים געענטפערט מיט פיר אויסרופצייכנס:

— !!!!

האָט ער גענומען רעדן מיט ווערטער, וואס זיינען געווען אָנגעפילט מיט שפּראָך:

— וואָס וועט זיין מיט דער מישפּאָכע?

האָט זי געענטפערט:

— וואָס זאָל זיין מיט דער מישפּאָכע?

האָט ער געזאָגט:

— וואָס טויג מיר אזא מאַסנפאַרזאַמלונג פון פעטערס און מומעס און שוואָגערס? איך האָב דאָך ניט כאַסענע געהאַט מיט א גאַנצן שייוועט...

האָט זי דערויף געענטפערט:

— ווער סע שעמט זיך מיט מיין מישפּאָכע, דער זאָל זיך העלפן. איך שעם מיך ניט!

האָט ער געזאָגט:

— ס'איז ניט קיין פראַגע פון שעמען זיך! ס'אַפראַגע פון וואו בין איך ערגעץ אין דער וועלט צום גוטן יאָר? דער קאָפּ גייט מיר ווי אף א יאַריד... און נאָר סע טומלט זיך ווי אין א מיל... און נאָר סע קלינגען די גאָפּל-מעסער...

האָט זי דערויף געענטפערט:

— ס'איז מיין מישפּאָכע — מעג זי עסן.

האָט ער געזאָגט:

— עסן — ווי עסן! אָבער — לאָזן זיי אָפּטרעטן אף א מינוט. לאָמיך דיך קענען נעמען אף דער שויס. לאָמיך קענען געניסן פון מיין ביסל גליק. מיר וועלן דאָך ניט זיין אייביק פאַרהייראַט.

האָט זי געזאָגט:

— וואָס מיינסטו מיט די ווערטער „ניט זיין אייביק פאַר-הייראַט"?

האט ער געזאָגט:

— איך מיין... דיין מישפּאָכע וועט אונז אַרויסעסן פון די פּאַרהייראַטע ביזנעס... ס'וועט אונז ניט קאָנווינירן...

בא די ווערטער האט אונזער אַבעל זיך אָפּגעשטעלט און גע-וואַרט צו זען, וואָס פאר א ווירקונג זיינע רייד וועלן האָבן אף זיין פרוי. ס'איז אַוועק א האַלבע מינוט, און די פרוי אַבעל האט אַרויסגענומען א טעלער און — קנאַק! דאַן האט זי אַרויסגענומען נאָך א טעלער און — קנאַק! און דאס אַלצדינג האט זי געטון שטיל, באַשיידן, און אָן קאַס, און יעדעס מאָל, וואס זי האט צע-בראָכן א טעלער, האט זי צוערשט צונויפגענומען די שטיקלעך, אַוועקגעקערט מיטן בעזים די שערבלעך און — ווייטער גענומען ברעכן די טעלער, אַזוי לאַנג ביזוואַנען זי האט אויסגעבראָכן א האַלבע שטוב מיט געשיר.

אַז דער שטילער, אומגליקלעכער אַבעל האט געזען, אַז זי רואינירט אים דאָס ביסל באַלעבאַטישקייט, האט ער איר אַ קוש געטון אפן שטערן און איר דערקלערט, אז ער קען אָן איר ניט לעבן, און אז ער דאַנקט גאָט דערפאַר, וואָס ער האט כאַסענע געהאט מיט אזא זאַנעפּט ווייבל.

באַלד איז אריינגעקומען א פעטער — א פלייש-סויכער—און גענומען רעדן וועגן — עסן. נאָך אים איז אָנגעקומען א מומע און גענומען רעדן, אז וואָס וועט מען היינט עסן? נאָך איר זיינען אָנגעקומען די צוויי שוועגערנס פון האַרלעם און גענומען דער-ציילן, אז זיי האָבן אַנומלטן געגעסן גראַשיצע, איז דאָס געווען א זעלטענע גראַשיצע. עפּשער האָט זי היינט א גראַשיצע? ס'איז זייער געזונט צו עסן גראַשיצע, — האט פארענדיקט דער פעטער מיט די אונטערגעזעגטע, האַרטע וואָנצן, — לאָז שוין זיין גענוג צו רעדן וועגן גראַשיצע... לאָמיר בעסער גיין עפּעס עסן!

— ע־סן, ע-סן! — האט געקרעכצט די מישפּאָכע.

מע האט געשטעלט צום טיש גרויסע שטיקער צוגעסמאַלעטע בעהיימע — אף אַזוינע ברעטלעך, פון וועלכע ס'בלוט האט אַראָפּ-גערונען, ווי פון א שלאַכטפעלד, און די מישפּאָכע האט גענומען עסן מיט פאַרייניקטע קרעפטן.

דער אָרעמער, בלאַסער, איידעלער אבעל איז געזעסן און גע-קוקט ווי מ'עסט אים אוף א לעבעדיקן, און ווי מ'זופּט דאס ברוינע, צוגעזאַלצענע בלוט פון די געבראָטענע שטיקער בעהיימע

און ווי מ׳עסט און מ׳עסט און מ׳עסט און מ׳עסט! און ער האָט פֿאַרוואָרפֿן מיטן קאָפּ אין כאַלאָשעס...

די מישפּאָכע האָט אים גענומען מינטערן — קייענדיק בעשאַס־מאַיסע די בעהיימע — און געשפּריצט אָף אים וואַסער. די מאַדאַם אַבעל אַליין האָט געוויינט און געגעסן אַ גראַשיצע, און זי האָט אים געבעטן, ער זאָל קומען צו זיך, — ער זאָל זיך ניט מאַכן צום נאַר!...

אַז אַבעל איז געקומען צו זיך, האָט ער אַ קוק געטון, ווי די מישפּאָכע שטייט אַרום אים מיט שטיקער פֿלייש אין מויל און מ׳עסט — האָט ער ווידער פֿאַרוואָרפֿן מיטן קאָפּ און ס׳האָט זיך אים געכאָלעמט, אַז ער איז אַ ווייסע, איבערגעשראָקענע גראַשיצע, וואָס ווערט פֿאַרברענט אין פֿייער פֿון זיין אידעאַל, און — אַז אַ כעוורע קאַניבאַלן שטייען אַרום אים און מ׳עסט אים אויף...

— גוואַלד! — האָט ער אַ געשריי געטון און זיך אויפֿגעכאַפּט און געוויזן, אַז ס׳איז אים ניט גוט.

— — — — — — — — — — — — — —

נאָך דערדאָזיקער געשיכטע האָט מען אונזער ליבן אַבעל אַוועקגענומען אין שפּיטאָל אַריין — טויט־קראַנק. זיין פֿרוי פֿלעגט קומען צו אים אַלע טאָג און אים ברענגען — די מישפּאָכע. די מישפּאָכע פֿלעגט ברענגען אין שפּיטאָל אַריין גאַנצע פּעק מיט עסנוואַרג און זיי פֿלעגן דאָס אַליין אופֿעסן.

אַבעל (אונז צו לייִנגערע יאָר) פֿלעגט קוקן מיט צעפּיבערטע אויגן און טראַכטן: וואָס האָט צו אים די מישפּאָכע? און צי האָט ער דען כאַסענע געהאַט מיט אַ גאַנצן ווילדן שייוועט פֿון שיכּ־הענדלער, שאָכטים און גראַשיצע־פֿרעסער? און ער האָט זיך דער־מאָנט, ווי אַזוי נאָך פֿאַר דער כאַסענע האָט אים זיין איצטיקע פֿרוי גענומען באַקענען מיט איר מישפּאָכע, און ווי אַזוי ער פֿלעגט ווערן מיד אָף די פֿיס פֿון אַרומגיין זאָגן „גוטן־אָוונט״ און געבן שאָלעם־אַלייכעם צו פֿרעמדע פֿעטערס און מומעס און שוואָגערס און גלידשוועסטערקינדער און שוועגערנס, און וויאַזוי ער האָט געמוזט אַרויסשמייכלען פֿון זיך די בעסטע קויכעס אָף „עס־פֿרייט־מיך־זייער־אייך־צו־קענען׳ס״. און ווי אַזוי דאָס מישפּאָכעלע האָט זיך דערנאָך אַ לאָז געטון צו אים — אונטער דער כופּע... און ווי אַזוי ער האָט זיי אַלע מעקאַדעש געווען מיט איין קליין, פּיצעלע

רינגל, און ווי אזוי אלע אינדערפרי, זייגער א פערטל נאָך זיבן פלעגן קומען צו פאָרן נייע פעטערס פון באַלטימאָר און פרעגן, צי ס'איז דאָ עפּעס צו עסן? און ווי אַזוי זיין ווייבל פלעגט זיך מיט אים קריגן, פאַרוואָס ער נעמט זיי ניט אוף ווי א מענטש... און פאַרוואָס ער רעדט ניט מיט זיי וועגן גראַשיצע. און ווי אַזוי ער האָט פלוצים דערפילט, אז סע גייט אף אים א ווילדע, אומגעלומפּערטע, צעפלאָכטענע, הונגעריקע, בראַנפן-דורשטיקע מישפּאָכע פון דער קאַלעס צאַד, און ווי אַזוי זיי באַפאַלן אים אין מיטן העלן טאָג און ווארפן אַרויס זיינע ביכער פון דער שראַנק, און זיי שטעלן אַהין אַריין — גראַשיצעס. און ווי אַזוי זיי נעמען אַראָפּ פון די ווענט די טייערע קונסט-בילדער און אנשטאט דעם הייגען זיי אוף — גראשיצעס. און ווי אַזוי די גאַנצע מישפּאָכע נעמט זיך בא די הענט און גייט א ווילדן טאַנץ ארום א גאָלדענער גראַשיצע... און ווי אַזוי ער שלאָגט זיי מיטן שטעקן און ס'גייט... בראַנפן. און די לוכעס ברעכן זיך אַפּצווייען און ס'פּאַלט אַרויס א גראַשיצע. און די מישפּאָכע פּאָכעט מיט די הענט און שרייט, מ'זאָל זי פירן צוריק קיין מיצראַים, אַניט וועט מען באַ אים צונעמען ס'ווייב...

צו דער לעוואַיע פונם אומגליקלעכן אַבעל איז נאָכגעגאַנגען קימאַט די גאַנצע מישפּאָכע און גערעדט שטילערהייט וועגן... גראַשיצע.

---

# קיילע-ביילע ב.

(די שוועסטער פון יאָסל ב.)

## קאַפּיטל איינס.

איך בין אַן עלטערער באָכער און וואוין צוזאמען מיט מיין כאַווער מיצעלמאַן אין א שיין צימער פאר צען דאָלאר א כוידעש — מיט באַלייכטונג.

ער איז א יונגער אַרטיסט, מאָלט אַלערליי אימפּרעסיאָניסטישע בילדער, וואָס איך בין אף זיי ניט קיין מייוון, נאָר איך שעץ זיי אָבער זייער הויך — דערפאר ווייל איך ווייס זיי ניט ווי אַזוי אָפּצושאצן. זיינס א קעלבל קאָן — פון א נישט-מייוון — גענומען ווערן פאר א בארנבוים און — פאַרקערט.

אַזא מין סאָרט קינסטלער איז ער.

זיך אַליין דארף איך דאָך נישט פאָרשטעלן פאר אייך, ליבע לעזער, לעזערנס און מיינע איבעריקע פריינט! איר ווייסט מיסטאָמע, אז איך מאך מער-ווייניקער א לעבן פון שרייבעריי. און וואָס איז שאיעך מיין האַרץ — איז דאָס אן אַלט-מאָדיש הארץ, אָן די מאָדערנע איינריכטונגען, אָן קינסטלעכע באהייצונג, דערפאר אָבער גראם אָן א שיר, כאָטש שטעל דאָרט אַריין און קוואַרטיר א גאנצן רעגימענט מיט מיידלעך, ווייבלעך, פרויען, דאַמען, א. ד. גל.

מיין כאַווער מיצעלמאַן, דארף איך אייך זאָגן, איז א ווייבערשער יונג, מיט א ווייבערש גיינגל מיט ווייבערשע כיינדלעך. אַף דער עטאַזשערקע בא אים וועט איר טרעפן פון קאָל האַמינים ביכלעך איבער די סוידעס פון שיינקייט, סלאָיעקלעך מיט שיינקייט, זאלבן, פלעשעלעך מיט פאַרפיום, קעסטלעך מיט פּודער און שמינק און אנדערע ווייבערשע שמאָכטעס.

שטייט ער אוף אינדערפרי, איז די ערשטע זאַך — דער שפּיגל. צו ערשט באַטראַכט ער זיין פולע גרייס אין קאָמבינייִ-שאָן סוט — אַ מין אונטערהעמד מיט גאַטקעס צוזאַמען, אַן אַמע-ריקאַנישע ערפינדונג צו שפּאָרן געלט, צייט און קויכעס. דאַן באַטראַכט ער זיין פול געזיכט, דאַן זיין פּראָפיל — דערנאָכדעם — וויאַזוי ער קוקט אויס בעשאַס ער גענעצט.

פאַרטיק דערמיט, פאַרשמירט ער זיך פון די סלאַיעקלעך און באַשיט זיך פון דעם פּודערל, און נעמט זיך פאַרקעמען די האָר, און עס נעמט אים א גוטע שאָ אַפּן זייגער ביז עס געלינגט אים אַוועקצולייגן די פאָדערשטע דריי לאָקן אַזוי, אַז זיי זאָלן אויס-זען, ווי זיי וואָלטן קיינמאָל ניט געווען פאַרקעמט.

אַ קינסטלערישער קאַפּריז אַזאַ.

אַזאַ קאַפּריז א קינסטלערישער.

וועט איר דאָך פרעגן: וואָס איז דער סייכל?

וועל איך אייך ענטפערן: טאַקע — וואָס איז דער סייכל?

זאָגן מוז געזאָגט ווערן, אַז מיט אַלע כעסרוינעס זיינע האָט דערדאָזיקער מיצעלמאַן זייער ווייניק מאַזל בא פרויען. פאַרוואָס — זאָלט איר ניט פרעגן. אין אַזעלכע זאַכן איז ניטאָ קיין פאַרוואָס.

לעמאַי איך? וואָס בין איך דאָ דער גרויסער כאָכעם? צי דער גוואַלדיקער פאַרשוין? צי דער פיינער שמועסער? צי דער גרויסער גאָלדשפּינער? פונדעסטוועגן — ווי איר וועט געוואָר ווערן אין קאַפּיטל צוויי.

## קאַפּיטל צוויי.

צו מיר קומען מיידלעך, און צו אים, צו מיצעלמאַנען — קו-מען אויך אַרוף מיידלעך. מיינע מיידלעך, פאַרשטייט זיך, זיינען שיינע, די פיינע, די לייטישע, די עמעסע מיידלעך, מיט די ברע-נענדיקע אויגן און מיט די הייסע הענט, און מיט די שיינע צעפּ און מיט די הויכע בוזימס, און ביכלאַל זיינען זיי קימאַט אַלע וואַרעמע אָנהייגערנס פון מיין טאַלאַנט.

צו אים ווידער קומען אויך אַרוף מיידלעך — אָבער שוין פון אַן אנדער סאָרט. צו מ״ינע מיידלעך קומען זיי ניט. זיי זיינען ס׳ראָוו עלטערע, בונדיסטקעס אָדער פּעפּעס׳קעס מיט ברילן און

אונטערגעשוירענע האָר, אין פלאַכע, פלאַטאַנישע קאַפּעלושלעך און מיט מאַנסבלשע שטימען — בררר!

דאָס איז דער כלל. אָבער אַזוי ווי צו אַלע כללים איז דאָ אויך פאַראַן אַן אויסנאַם. און דאָס איז פרײַלן ק. ב.

דידאַקטיקע קיילע-ביילע ב. (וואו האָט ער זי דערטאַפּט? דאָס איז זײַן סאָד!) איז נאָך גאָר א יונגע זאַך מיט א פּענימל, וואָס מע טרעפט דאָס ניט אַפילו בײַ אַ פּרינצעסן — בלוט און מילך! און א קאָפּ מיט אַ זשמוט שוואַרץ-זײַדענע האָר, וואָס פּעכלען אַזש פון שוואַרצקייט און שלאָגן אָפּ די ווייסקייט פון איר הויט ווײַסער, נאָך קלאָרער, עפּעס ווי אַ טײַך פון מילך אין אַ נאָך שוואַרצן וואַלד — בעקיצער, דאָס עמעסע מיידל, וואָס מע פרעגט דערויף.

פאַרליבט? נאַטירלעך! פאַרוואָס-זשע פּרואוו איך ניט מײַן גליק? פאַרוואָס-זשע שטיי איך ווי אַ ליימענער גולעם? פאַר-וואָס טו איך ניט עפּעס? ווײַלע... ווײַל איך שטיי טאַקע ניט ליידיק און טו אַלצדינג, וואָס איך קאָן, אבי צו געווינען איר האַרץ און איר נעשאָמע.

איבעריקס, איז זי מיר אַביסל צו יונג, צו אומשולדיק, און אַפילו איך, דער גרויסער האַרטגעזאָטענער ציניקער, האָב עפּעס ניט דאָס האַרץ איבעריצוברעכן אַזאַ ווײַסכיינעוודיק בלימל. און אַכוצדעם, האָב איך עפּעס ניט קיין צוטריט צו איר — אַזוי קינ-דיש איז זי און רעדט מיט אזאַ באַגייסטערונג וועגן מײַן כאַווער מיצעלמאַנס מאָלערײַ — דער רועך מעג אים נעמען, מײַן כאַווער מיצעלמאַן, כאָטש ער איז א גאַנץ וואוילער יונג און איך האָב צו אים גאָרנישט.

מיר זײַנען ראַדיקאַלע מענטשן — איך און מײַן כאַווער מי-צעלמאַן, און אָפּגעמאכט איז צווישן אונז, אזוי און אַזוי, — אויב איינער פון אונז וויל זיך פאַרבריינגען מיט א מיידל, דאַרף דער אַנדערער ניט זײַן קיין שוואַינקערל און אָפּטרעטן דאָס צימער. קיין טערעץ, וועט יעדער מענטש פאַרשטיין, איז אין אַזעלכע אומשטענדן ניט פאַראַנען.

יאָ, איך האָב אומיסטן — צוליב סטיל — פאַרגעסן אויך צו דערציילן, אַז די פרײַלן קיילע-ביילע ב. פאַרהאַלט זיך צו מיר, אָכווייגעשריען, גאָר נישט פרײַנטלעך — מע קאָן זאָגן: קימאַט

ווי אַ סוינע, וואָרום אַליין — ווי עס איז מיר שוין מיעס אומאָעס צו זאָגן — איז זי אַ ראַדיקאַלע און גאַוואָרעט. איך שפּרעך, אַמאָל רעד איך, אָבער גאַוואָרען? נעווער!

קעסיידער שפּעט זי פון מיינע מיידלעך, וועלכע זיינען, נאָך איר מיינונג, נאַרישע יענקיס פון קינסטלעכער בלאָנדקייט, און ביכלאַל האַסט זי זיי דערפאַר, וואָס זיי פאַרברייגגען זיך צו פריי מיט באָכורים. עס זאָל מיר עפּעס איינפאַלן, איז מיר דאָס ניט איינגעפאַלן ביזוואַנען — נאָר איצט הייבט זיך אייגנטלעך אָן די מאַיסע:

די מיס סמיט האָט געזאָלט אַרופקומען צו מיר אין צימערל. צו דערדאָזיקער געלעגנהייט האָב איך צוגעקליבן מיין דירע אַזוי פיין ווי מעגלעך. די פאָדלאָגע האָב איך באַגאָסן מיט די שמעקעכצן פון מיצעלמאַנס פלעשעלעך. די שטרויענע קאָפּעלושן, וואָס זיינען געהאַנגען אַפן וואַנט, האָב איך אַריינבאַזייטיקט אין שאַפע אַריין. אַפן טישל האָב איך אַוועקגעשטעלט אַ גלאָז מיט בלומען פאַר דרייסיק סענט, און מיצעלמאַנס געשטעל מיט דער לייוונט האָב איך פאַרפּאַקט אונטערן בעט, קעדיי איך זאָל עס ניט האָבן פאַר די אויגן, צום גוטן יאָר! דאַן האָב איך זיך אָנגעטון מיין נייעם יאָנטעוודיקן שמייכל, אונטערגעשפּאַרט אַ פינגער אונטער דער לינקער שלייף און זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן. לאַנג האָב איך אַזוי ניט געדאַרפט זיצן, אין עטלעכע מינוט אַרום איז אַריינגעקומען מיין כאַווער מיצעלמאַן אין דער באַגלייטונג פון דער באַרישנע קיילע-ביילע ב.

אַזוי ווי מיצעלמאַן האָט באַמערקט, אַז בא מיר איז יאָנ-טעוודיק, האָט מיך אַוועקגערופן אין אַ זייט און מיך געפרעגט, צי וואַרט איך אף עמעצן.

— יאָ! — האָב איך געזאָגט הויך — איך ערוואַרט דאָ עמעצן באַ מיר פונקט ניין אַזייגער! — דערביי האָב איך אַ שליידער געטון ציניש א שמייכל צו פריילן קיילע-ביילע, ווי איינער רעדט: נישקאָשע. איך בין, דאַנקען גאָט, אויך ניט קיין פאַרפאַלענער!

פון דערדאָזיקער באַמערקונג איז פריילן קיילע-ביילע ב. גע-וואָרן רויט און געגומען זיך מינען, ווי די ליכט-פאַרבן פון אַ באַלעט. דאַן האָט זי געפרעגט מיט א הייזעריקן קאָל: איר ער-וואַרט דאָ מיסטאָמע אַ גרויסן גאַסט, טשטאָ?

— טאַק טאָטשנאָ! — האָב איך גענומען צו הילף מיינע צוויי רוסישע ווערטער, מיט וועלכע איך האָב אין יאָר 1904 באַרייזט גאַנץ רוסלאַנד און קאַווקאַז — אַכוץ סיביר — איך ערוואַרט דאָ היינט אַ גרויסן גאַסט, פּונקט ניין אַזייגער!

ווידער האָט די פריילן קיילע-ביילע ב. געשמייכלט עפּעס מיט אַ מאָדנעם שמייכל, און ווידער איז זי רויט געוואָרן.

— זיינט איר זיכער, אַז זי וועט קומען? — האָט זי מיך איבערגעפרעגט, קוקנדיק אַף די שפּיצן פון אירע שיך.

— זיכער!

— און ווי וואָלט זיין, אַז דער גאַסט וואָלט ניט געקומען? — האָט זי געוואָלט וויסן, שוין שטייענדיק אַף דער שוועל.

— וואָלט איך אים קיינמאָל, קיינמאָל ניט מוחל געווען! — האָב איך צו איר געשמייכלט.

— — — — — — — — — — — — — —

אַז דער זייגער האָט געשלאָגן ניין, האָט זיך געעפנט די טיר און עס איז אַריינגעקומען ניט מיס סמיט, די אַמעריקאַנערן, נאָר די באַרעשני קיילע-ביילע ב.

ווי אַ מעשוגענע איז זי אַרופגעפאַלן אַף מיין האַלז און גענומען שלוכצן: מיין טייערינקער, טייערינקער... דו... ד...

לאַנג האָט זי מיך געקושט און געוויינט, כאָטש דאָס וויינען איז געווען איבעריק, מאַכמעס איך האָב זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן צו איר, און איר יונגער בויגזאַמער קערפּער האָט זיך געבויגן און געציטערט, ווי אַ פּאַלמען-צווייג, וואָס ווערט באַוועגט פון אַ שטאַרקן און הייסן מידבער-ווינט.

— — — — — — — — — — — — — —

שפּעטער, ווען די מיס סמיט איז געקומען, האָט זי געטראָפן די טיר פון מיין צימערל פעסט פאַרשלאָסן און פאַריגלט.

---

# דער „אומפּאַרטייאישער“.

— איך האָב אים געטראָפן באַם ציין־דאָקטער. ער איז געזעסן אַף אַ ווייכן שטול אין וואַרט־צימער. געגענעצט דורך די פינגער מיט אַ טיף־טיפן גענעץ און געקוקט ניט־פּאַרינטערעסירט אַף די פּאַציענטן, וואָס זיינען געזעסן און געוואַרט אין געהאַקטע וואונדן אַף דער מינוט, ווען מ׳וועט זיי אַריינרופן.

איך האָב זיך געפּרואווט פאַרווילן די צייט מיט וואָס־עס־איז, קעדיי צו פאַרגעסן מיינע יעסורים, וועלכע זיינען מיר געקומען פון אַ גויסעסדיקן באַקצאָן. איך האָב זיך דעריבער געגעענטערט צו דעם מענטשן, וואָס האָט ניט אופגעהערט געגעצן דורך די פינגער, און אים געפרעגט:

— א ו י ך אַ באַקצאָן?

דער מענטש האָט מיך אָנגעקוקט מיט צוויי בלאָע שלאָפערס. ווידער א געגעץ געטון מיט די הויכע ליפן, ווייזנדיק דערביי צוויי שורעס מיט געזונטע און ווייסע ציין, און האָט געענט־פערט:

— כ׳ווייס נאָך ניט, וועלכן צאָן כ׳על זיך לאָזן ארויסנעמען.

— איר ווייסט ניט אף זיכער, וועלכער צאָן עס טוט אייך ווי? — האָב איך געפּרואווט טרעפן.

— ווי? — האָט ער מיך אָנגעקוקט שטאַרק פאַרכידעשט, וואָס איך בין אים כוישעד אין אַזאַ זאַך — מיר טוט גאָרניט נישט ווי. איך בין געזונט, ווי אַן אייזן. און פון ציין־ווייטיק האָב איך קיינמאָל ניט געליטן. נאָר גלאַט, ס׳איז מיר אומעטיק.

— איר זיינט גלאַט אזוי געקומען באַזוכן דעם ציין־דאָקטער? איז ער ניט אייערס אַ פריינט — פאַרינטערעסיר איך זיך צו וויסן, וואָס סע האָט געבראַכט דעם אידן אהערצו.

— פריינט, שמיינט, „כי לעולם חסדו״! — ווילט זיך דער איד מיט אַ קאָל, וואָס דו ווייסט ניט, צי סע קומט באַ אים פון אַרבל, צי דער גוטער יאָר ווייסט פונוואַנען. — אַ פריינט גאָר! ער איז מיר אזוי א פריינט, ווי ער איז א ײך אַ פריינט. איז ער אייך א פריינט? אוואדע איז ער אייך ניט קיין פריינט. מיר איז ער אויך ניט קיין פריי... — האָט ער אָנגעהויבן גענעצן — פריי-אי-נט. עווהאָך... עווהע איז מיר — און ער האָט פאַרענדיקט דערמיט, וואָס ער האָט זיך אַליין געגעבן אַ פעטשל איבער די ליפן, און זיך איבערגעשלאָגן אַ קרעכץ.

— איר ווילט זיך מיסטאַמע לאָזן אויספוצן די ציין — גיי איך מיט אים מיט הינטערגיינג, ווי מיין טעווע איז אין אַזאַ פאַל.

— וואָס אייך קאָן איינפאַלן! — מאַכט דער איד, און הייבט אוף פון טיש אַ בלאַט-צייטונג און נעמט אין איר אריינגעגעצן. — ציין אויספוצן גאָר! מער גייט מיר ניט אָפּ, נאָר צו האָבן אויס-געפוצטע ציין. ווייטער, הייסט עס, איז דאָס לעבן זייער אינטע-רעסאַנט. מ׳דאַרף נאָר האָבן ווייסע ציין, וועלן שוין אלע פראַגן פון לעבן און טויט זיין פאַרענטפערט. ווהאָ-אָך! — ענדיקט ער מיט אַ גענעץ און גיט א שוידער מיטן גאַנצן לייב.

— איך פאַרשטיי ניט, וואָס איר מיינט דערמיט — זאָג איך. — וואָס האָט עס צו דער פראַגע פון לעבן און טויט? אזוי לאנג, ווי אַ מענטש לעבט, דאַרף ער אלצדינג. און ציין — זאָג איך — זיינען אַ וויכטיקע זאַך, ווועהאָראַיע...

— מ׳ווייס, מ׳ווייס דערפון — שלאָגט ער מיר איבער די רייד. מ׳ווייסט די טיפע כאָכמעס. נאָר מיך אינטערעסירן זיי נישט. מיר איז לאנגווייליק פון די ביכער, מיר איז לאנגווייליק פון לעבן, מיר איז לאַנגווייליק פון אָטעמען טאָג ווי נאַכט. מיר איז לאנג-ווייליק פון אַלצדינג. אפילע פון דער לאנגווײלע אליין איז מיר אויך לאנגווייליק. ווען עמעצער זאָלן וועלן צוגרייטן אף היינט אן ערדציטערניש אָדער אַ וועלט-אונטערגאנג, וואָלט איך א קאַ-פעטשקע אופגעלעבט. אַזוי איז מיר שרעקלעך נודנע. עווהאָ-אָ!

דער איד האָט ווידער געעפנט די רויט-ווייסע אָפגרונטן פון זיין מויל, אריינגעצויגן אין זיך עפשער דרייפערטל פון דער גאנ-צער לופט, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם דאָקטערס וואַרט-צימער, און ער האָט געזאָגט צו זיין רעכטער קני:

— כ׳וועל זיך עפשער היינט לאָזן ארויסנעמען צ וו יי ציין מיטאַמאָל. מיר איז שרעקלעך לאנגווייליק.

— עס לאָזט אייך אָפּ אַף אַ רעגע און סע כאַפּט אייך ווידער אָן? — וויל איך טרעפן דעם גאַנג פון זיינע יעסורים, לויט מ יי נ ע.

— נישט געטראָפן! — מאַכט דער איד. — איך זענט אַ שלעכ־טער טרעפער. נישט סע כאַפּט מיך אָן, נישט סע לאָזט מיך אָפּ.

— וואָס־זשע דען זאָגט איר, אַז איר וועט זיך לאָזן ארויס־נעמען צוויי ציין? — טראָג איך אים אנקעגן מיין טיפע אומויסנ־הייט בעניגייע זיין לאגע.

— גלאט אזוי — מאַכט ער. — כ׳האָב ניט וואָס צו טון און לאנגווייליק איז מיר, האָב איך מיר געטראַכט: כ׳וועל ארייננגיין און מיר לאָזן אַרויסנעמען אַ פּאָר ציין, וועל איך זיך פאַרווײלן די צייט.

איך האָב אים אָנגעקוקט און ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער רעדט.

— יעס — מאכט ער — וואָס כידעשט איר זיך אזוי? אלעמאַי איך האָב זיך געלאָזט אויסדרילעווען אן אויער? צי אַז איך האָב זיך געלאָזט מאַכן אַן אָפּעראַציע אַף „אַפּענדיציט״! האָב איך עס באַדאַרפט האָבן? ניט מער, ס׳איז מיר געוואָרן לאַנגווייליק, בין איך אריין אין אַ שפיטאָל, באַצאָלט פינף און פערציק דאָלאַר אין קעש און זיך געלאָזט אָפּערירן.

— וואָס הייסט?

— אַזוי הייסט! נו, אלעמאַי איך האָב זיך מיט עטלעכע כאַ־דאָשים צוריק געשמאַדט אַף אַן עוואַנגעליקער! האָב איך עס באַ־דאַרפט האָבן? פאַרשטיי איך וואָס סע הייסט עוואַנגעליזם? ניט מער זאָלן מיינע סאָנים וויסן פון זייער לעבן. גאָרניט: ס׳איז מיר געוואָרן לאנגווייליק און איך בין גראָד פאַרבייגעגאַנגען אן עוואַנגעלישע קירך, האָב איך זיך ארייננגעכאַפּט אַף אַ ווײלע און זיך געשמאַדט. אָבער אינמיטן שמאַדן זיך בין איך אנדרימלט געוואָרן. ס׳איז מיר געוואָרן נודנע דער גאַנצער אייסעק.

— אָבער דאָס איז דאָך ניט שיין — וויל איך אַריינשטעלן אַ וואָרט קעגן זיין האַנדלונג.

— שיין, שמיין, „כי לעולם חסדו!״—ווערט ער ווידער וויציק— ס׳איז מיר זייער וויכטיק, צי ס׳איז שיין, צי ס׳איז נ י ט שיין.

איך ווייס נאָר, אַז ס'איז מיר לאַנגווייליק און איך האָב ניט מיט וואָס צו פאַרברייגגען די צייט, און אַז דאָס לעבן איז פּוסט און אָן אינהאַלט. — אנטשולדיקט מיר! — האָט ער זיך אַליין איבער־געשלאָגן די רייד. — אָט איז שוין דער ציין־דאָקטער. איך מוז אַריינגיין און זיך לאָזן אַרויסנעמען אַ פּאָר ציין. וואור־ר! — האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ שוידער. — סא נודנע לעבן דאָס איז. יעס, הער דאָקטער, — האָט ער שוין געדעדט צום ציין־דאָקטער — צוויי ציין! ס'איז קיין כילעק ניט וועלכע...

---

# דער רעגלמעסיקער כאַלעשער.

„...איך האָב דעמאָלט געהאַלטן אַ רעסטאָראַן אַף איסט-בראָדוויי און געהאַט די ערע זיך צו באַקאָנען מיט די פיינסטע אידישע דיכטער און שריפטשטעלער — מיט אַלע האָב איך זיך דעמאָלט פערזענלעך באקאנט, אַכוץ מיט די פּאָר סענט. מיט די לעצטע איז מיר זייער שווער געווען צו שליסן אַ געניערע באַקאנטשאפט, מאַכמעס קימאַט אַלע האָבן געגעסן אַף צעטלעך... דאָס הייסט, נאָכן מאָלצייט, ווען דער קעלנער פלעגט זיי דערלאַנגען דעם כעשבן, פלעגן זיי אַף אים ארופלייגן זייער „אַווטאָגראַף" און דערמיט בארויקן זייער געוויסן...

מיר איז געווען שלעכט — זייער שלעכט. וואָס אַ טאָג, זיינען די מיטאַרבעטער אף מיינע צעטלעך געוואָרן צאָלרייכער... קימאַט די גאַנצע אידישע אינטעליגענץ האָט מיטגעאַרבעט אף מיינע צעטלעך...

און עפשער איז דאָס נאָך וויניק, — האָט מיר נאך גאָט צוגעשיקט דעם רעגלמעסיקן כאַלעשער, און יענער האָט מיך שוין גאָר אוועקגעקוילעט.

אַזוי איז געווען די מאַיסע:

איינמאָל, ארום איינס אַזייגער נאָכמיטאָג (איך לאָז ארויס די נאטור-באשרייבונג און די פסיכאָלאָגיע — דאָס ערשטע וועלן די לעזער געפינען באַ מאַקסים גאָרקין, דאָס צווייטע — באַ דאָסטאָיעווסקין!) עפנט זיך די טיר און עס פאלט ארײַן צו מיר אַ פרעמדער איד, שטרעקט זיך אויס אַף דער ערד און... כאַלעשט. אָפּגעמינטערט אים, זעץ איך אים אוועק באַ אַ טישל און פרעג אים זייער קלוג:

— אים ניט גוט געוואָרן.

— יאָ, עס איז אים ניט גוט געוואָרן.
— ער האָט געכאַלעשט?
— יאָ.
— צו וואָס דארף ער עס?
— ער ווייסט ניט.
— וואָס קאָן, נאָך זיין מיינונג, זיין די סיבע דערפון?
— דאָס עסן. ער עסט קעגניבער אין אַ רעסטאָראַן, איז דאָס עסן זייער אַ פאַסקודנע. און נאָכן עסן ווערט אים ניט גוט און ער כאַלעשט.
— אַלע טאָג?
— יאָ. אלע טאָג.
איך האָב דעם מאַן פיין באהאנדלט, אים אויסגעריבן מיט ווײַן-עסיק... אים געריבן די שלייפן, און אַז ער איז געקומען צו זיך, האָב איך אים אופגעזעצט אפן טראם און אים אהיים געשיקט.
מיין באַהאַנדלונג איז אים, ווייזט אויס, געפעלן געוואָרן. ווארום גלייך אַף דעם אַנדערן טאָג, פונקט איינס אַזייגער, ווען ער איז צוריקגעגאַנגען פון מיטאָג עסן, איז ער ווידער אריינגע-פאַלן צו מיר אין רעסטאָראַן — הינטערווילעכס — זיך אַוועקגע-לייגט אַף דער שוועל און געכאַלעשט אַפן שענסטן אויפן.
דאָס מאָל האָב איך אים גלייך דערקאָנט, און, ווײסנדיק, אַז עסן עסט ער בײַ מיין קאָנקורענט און כאַלעשן קומט ער צו מיר, האָב איך אים געריבן שוין ניט מיט ווײַן-עסיק, נאָר מיט דער ביליקסטער וואַרע, וואָס מע קען קריגן. און אנשטאָט ביידע שלייפן, ווי פריער, האָב איך אים איצט געריבן בלויז איינעם.
אַז ער איז געקומען צו זיך, האָב איך אים געפרעגט:
— איז אים ניט גוט געוואָרן?
— יאָ.
— צו וואָס דאַרף ער עס?
— ער ווייסט ניט.
— און וואָס איז, נאָך זיין מיינונג, די סיבע דערפון?
— דאָס כאַזערשע עסן, וואָס ער עסט, ער עסט קעגניבער אין אַ רעסטאָראַן, איז דאָס עסן זייער פאַסקודנע — מוז ער כאַלעשן...
— פאַרוואָס-זשע גראָד בײַ מיר?

— ווייל באַ מיר איז גראַמער, לופּטיקער, און אײנאַלגעמיין געפעלט אים דאָס פלאַץ בעסער, ווי יענער, וואו ער עסט...

— טו וואָס-זשע קומט ער ניט אַהער עסן?

— ער ווייסט אַליין ניט. ער איז שוין צוגעוויינט צו יענעם רעסטאָראַן...

און אַזוי ווייטער.

— אַז ער איז געקומען צו זיך, האָב איך אים אָוועקגעזעצט אַף אַ טראַם און אים אַהיים געשיקט.

צומאָרגנס, פּונקט איינס אַזייגער, איך זע, ווי אַ איד דער-נעענטערט זיך צו מיין טיר — הינטערווייילעכס. שאָקלט זיך, ווי אַ בוים אין אַ שטורעם-ווינט... און — וויל כאַלעשן, אַז ער שטאַרבט.

גיי איך אים אַנקעגן, שטופּ אים אַריבער אַף דער אַנדערער זייט גאַס, לעבן רעסטאָראַן, וואו ער עסט, און לייג אים אַוועק באַ מיין קאָנקורענט אַף דער שוועל.

אין אַ פערטל שאָ אַרום קומט ער צו לויפן אַ פייכטער, רויט ווי אַ גאַזלען, און שרעקלעך צעקאָכט.

— מיסטער, — זאָג איך צו אים, — איר קוקט אויס צו זיין אַביסל בייזלעך!

— יאָ, — זאָגט ער, — איך בין בייז, ווי אַ טיגער, בין איך.

— וואָס איז די סיבע דערפון?

— די סיבע דערפון, זאָגט ער, איז, וואָס איר האָט ניט גע-האַט קיין רעכט מיך אריבערצושטופן אַף דער אַנדערער זייט — צו כאַלעשן אין מיין אייגענעם רעסטאָראַן! ערשטנס, זאָגט ער, פּאַסט מיר ניט צו כאַלעשן צווישן אייגענע מענטשן, צווייטנס, זאָגט ער, איז באַ אייך גראַמער, לופּטיקער... און ביכלאַל, מאַכט ער. געפעלט מיר אייער פּלאַץ בעסער, ווי דאָרט וואו איך עס.

איך האָב אים קאַם באַרואיקט און אוועקגעשיקט.

צומאָרגנס, מיין כאַלעשער איז ווידער דאָ! אַקוראַט אַזייגער איינס — צו דער מינוט. קומט אריין הינטערווייילעכס, לייגט זיך אַוועק און — כאַלעשט.

אָפּגעמינטערט אים, מאַך איך צו אים:

— מיסטער, וואָס האָט איר צו מיר? וואָס רואינירט איר מיך? קוקט ער מיך אָן.

וואָס הייסט, זאָגט ער, איך רואיניר אייך? איך כאַלעש, זאָגט ער, עפּעס אַף צו פלייסן? איך כאַלעש, זאָגט ער, דערפאַר, וואָס איך מוז, ווייל עס שפּאַרט מיך אָן.

— יאָ, זאָג איך, אָבער ווער הייסט אייך עסן איז אַזאַ רע־סטאָראַן, איר זאָלט מוזן כאַלעשן?

— איך קען מיר ניט העלפן!—זאָגט ער, איך בין שוין צוגע־ווינט צו דעם פלאַץ. איך עס שוין דאָרטן איבער 5 כאַדאָשים.

— און וואו האָט איר ביז איצט געכאַלעשט.

— ביז איצט, מאַכט ער, איז טאַקע געווען שלעכט... האָב איך געמוזט כאַלעשן אינדרויסן...

צומאָרגנס—אַזוי ענדיקט אונזער אויסגעטראַכטער „ליטעראַרי־שער" באַל־האַרעסטאָראַן — האָב איך געלאָזט ליציטירן מיין גע־שעפט און בין אוועק אַרבעטן—גלייך מיט אַלע לייטישע מענטשן".

---

## ערלעכקייט באַצאָלט זיך.

(אַ מאַיסע מיט אַ מוסער-האַסקל)

אין דער שטאָט פּומפּידוסע האָט געוואוינט אַ גאָטספאָרכטי-קער איד, האָט ער געהייסן ר׳ שיע-העשל ציבוך און איז געווען — כאַפּט אייך אָן — אַן אוישער גאָדל וועאָצום.

אַז מע זאָל זיך פאַרלאָזן אף דעם, וואָס די אלטע פּומפּי-דוסער טוישווים זאָגן, מוז מען גלויבן, אַז ר׳ שיע-העשעלע איז אויך געווען דער גרויסער באַל-מאַימין, דער עמעסער איד מיטן פולן מויל — ווי די מאַיסע וועט אימירצעשעם באלד באווייזן.

איינמאָל האָט ר׳ שיע-העשעלע באַדאַרפט פאָרן אף אַ כאַ-סענע פון אַן אָרעמער קאַלע, וועלכע ער איז אויסן געווען מע-האַנע צו זיין מיט זיין סבר פנים יפות[1]. און טאַקע מיט דער שיינער קאַלע-מאַטאָנע — האינע: אַ בסאָמים-קעסטעלע פון פיי-נעם פימסן-האָלץ און באַשלאָגן מיט גאָלד.

פאָרן — איז אויסגעקומען צו פאָרן דורך אַ געדיכטן, פינצ-טערן וואַלד, אין וועלכן ס׳זיינען פון אייביק אָן שכיעך געווען אַסאַך גאַזלאָנים.

אָבער שיע-העשעלע איז ניט דער מענטש זיך צו שרעקן. „ד׳ לי מה אירא ? אַז גאָט איז מיט מיר, וואָס דאַרף איך פורכט צו האָבן ?" — אַזוי האָט געטראַכט ר׳ שיע-העשעלע. אָנגעטון די טייערע ראַצימירענע בעקעשע, ארופגעזועצט אף דער בלאַ-סאַמטענער יאַרמולקע דעם שיינעם ספאָדעק און מ׳לאָזט זיך אין וועג אַריין — אף גאָטס באַראָט.

פאָרט מען אַ שאָ, צוויי — גאָרניט. דערווייל האָט גענומען צופאַלן די נאַכט, איז ר׳ שיע-העשעלע אַראָפּגעקראָכן פון דער בויד, זיך אַרומגעגאַרטלט מיט דעם שווערן, זיידענעם גאַרטל און זיך געשטעלט מינכע דאַוונען. ערשט ערגעץ פון אַ הייל

[1] בילד-שיינער פאָנים.

גיבן אַ שפּרונג אַרויס דריי גאַזלאָנים מיט גרויסע שטיוול און מיט שאַרפע מעסערס. איינער פון די דריי גאַזלאָנים האָט זיך געגעבן אַ נעם צו ר׳ שיע-העשעלען, אים אַ כאַפּ געטון פאַרן האַלז און באַפוילן ער זאָל אָפּגעבן דאָס גאַנצע גאָלד און זילבער.

— נו-אָ, — האָט ר׳ שיע-העשעלע אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און ניט אופגעמאַכט אַפילו די אויגן — וואָרום ר׳ שיע-העשעלע האָט גראָד געהאַלטן באַם „לך״ פון „מודים״ [1].

ערשט דערנאָכדעם, אַז ער איז אויסגעגאַנגען שמונה עסרה [2], האָט ר׳ שיע-העשעלע אַליין אַראָפּגענומען פון זיך ס׳גאָלדענע קייטל מיטן זייגערל און אַנדערע ווערטפולע זאַכן און עס אָפּגעגעבן צו די גאַזלאָנים, וואָרום ער האָט ניט גע-וואָלט ברענגען דערצו, אַז אידישע מענטשן זאָלן פאַרלירן זייער ציילעך אוילעמאַבע צוליב שפּיכעס-דאָמים [3], ראַכמאָנע ליצלאַן.

— האָסטו אונז אַלצדינג אַוועקגעגעבן, וואָס דו האָסט באַ זיך? — האָט דער הויפּט-גאַזלען געפרעגט באַ ר׳ שיע-העשעלען, וואָרום ער האָט געזען, אַז ער האָט דאָ צו טון מיט אַ אידן, אף וועמעס וואָרט מע קאָן זיך פאַרלאָזן.

יאָ!, — האָט געזאָגט ר׳ שיע-העשעלע, מאַכמעס פון גרויסן פאַכעד, אַז די גאַזלאָנים זאָלן כאָלילע ניט פאַרלירן זייער ציי-לעך אוילעמאַבע, איז באַ אים דער זיקאָרן געשלאָגן געוואָרן.

— דו ביסט אַן ערלעכער מאַן! — האָט געזאָגט דער הויפּט-גאַזלען און אים דערלאַנגט אַ זעץ צו דער ערד.

אַז ר׳ שיע-העשעלע האָט געהאַט צוריק אָנגעטון דעם ספּאָ-דעק און אים געהאַלטן אין אַרופזעצן אף זיין בלאָער, סאַמעטע-נער יאַרמעלקע, האָט ער זיך פּלוצים אָן עפּעס דערמאָנט, פון וואָס ער איז שטאַרק דערשראָקן געוואָרן. ער האָט זיך אַ טאַפּ געטון באַ דער בוזים-קעשענע און — ריכטיק! ווי ס׳האַרץ האָט אים געזאָגט. ער האָט פאַרגעסן אָפּצוגעבן די גאַזלאָנים דאָס טייערע בסאָמים-קעסטעלע, וואָס איז געווען געמאַכט פון פימסן-האָלץ און באַשלאָגן מיט גאָלד.

---

1) מודים — א טפילע אין שמונה עסרע.

2) שמונה עסרע — א ריי טפילעס, וואָס מע זאָגט שטילערהייט און מע טאָר זיי ניט מאַפסיק זיין.

3) בלוט-פארגיסונג.

רעב עליע! — האָט שיע־העשעלע זיך געווענדט צו זיין באַלאַ־גאָלע. — אירט אזוי גוט זיין אונטערוואַרטן דאָ מיט דער בויד, איך מוז נאָכלויפן די גאַזלאָנים, איך האָב זיי פאַרגעסן אָפּגעבן ס'פּושקעלע, האָב איך זיי פאַרגעסן! און ער האָט גענומען לויפן טשוואַליאַם. נאָך דריי טעג לויפן האָט ער זיך ענדלעך דער־שלאָגן צו דער געוויסער הייל.

די גאַזלאָנים־יונגען זיינען געזעסן אף דער ערד אַרום א דרייפיסיק־טישל און געזופּט ווין פון קויסעס, וואָס זיינען געווען געמאַכט פון מענטשלעכע שאַרבנס.

דערזען דעם פּאַרסאַפּעטן און אָן־אָטעמדיקן שיע־העשלען, איז דער ווין געבליבן אין זייערע גאָרגלען.

אָבער ר' שיע־העשעלע האָט זיי גלייך באַרואיקט:

— זייט מיר מויכל, ליבע גאַזלאָנים, — האָט ער געזאָגט מיט א פאַרטרערט קאָל — זייט מיר מויכל, וואָס איך האָב אייך אָפּגענאַרט. גאָט איז מיין איידעס, אז איך האָב פאַרגעסן. נאַט אייך ס'פּושקעלע!

דערשטוינט און גערירט פון דעם מענטשנס ערלעכקייט, האָט איינער פון די גאַזלאָנים געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז מע זאָל צו ר' שיע־העשעלעס ספּאָדיק צובינדן אַ גלעקל און אים ארומפירן אף אַלע יאַרידים.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און נאָך היינט — אַזוי דערציילט די מאַיסע — נאָכדעם, ווי ער איז געשטאָרבן, קאָן מען זען דעם אַלטן, גרייז־גרויען ר' שיע־העשעלע זיצן אין גאַניידן מיט אַ גלעקל אפן ספּאָדיק, און די אינגערע, שקאָצעוואַטע גייסטער, וואָס גייען פאַרביי, צופּן אים פאַר דער נאָז, שיסן אים בעבלעך אין די אויערן אַריין, אָבער דער גוטער רעב שיע־העשעלע שמייכלט און טראַכט — אָט לאָזן די קינדער האַנאָע האָבן!

מאָראַל: דער רעגן רעגנט פאַר אלעמען גלייך — פאַר דעם שולדיקן און פאַר דעם אומשולדיקן, נאָר אַביסל מער פאַר דעם אומשולדיקן, בא וועלכן דער שולדיקער גאַנוועט געוויינלעך צו דעם רעגנשירעם.

---

# דער שטאָלצער קינסטלער.

(אַ געשיכטע מיט אַ מוסער-האַסקל)

ער צענעמט זיך די באָרד און דערציילט:

...אַנקעגן דעם, וואָס איר זאָגט: מוט. אַוואַדע דאַרף מען האָבן מוט. אַ מענטש — דארף זיין אַ מענטש, ניט קיין צעקראָ-כענע לעמעשקע. אַ מענטש, ווי זאָגט איר, דאַרף אין זיך האָבן שטאָלץ. דארף זיך נישט לאָזן באַליידיקן פון קיינעם, און אַז מע באַליידיקט אים, דארף ער וויסן, וואָס ער האָט צו טון.

ער דאַרף נישט שווייגן. ווי זאָגט עפּעס ס׳כומעשל? אן אויג פאר אן אויג, אַ צאָן פאר אַ צאָן.

אַי, וואָס דער גאָי זאָגט אנדערש? אי, וואָס ס׳גאָיעשע כומעשל, לעהאַוודל, זאָגט, אַז אויב מע גיט דיר א פּאַטש אף איין באַק, זאָלסטו אונטערשטעלן די צווייטע — איז נאָר געזאָגט. אַנו, פּרואווט, לאָמיך זען — איר זיינט דאָך עפּעס אַ וואוילער יונג! — אַנו, פּרואווט און גיט נאָר אַ געזונטן אייסעוו אַ פּאַטש אין באַק, וועט איר זען, וואָס ס׳וועט זיין!

אַי, וואָס *זיין* כומעשל הייסט נישט? איז דער טערעץ: כומעשל איז כומעשל און גאָי — איז גאָי... און נישט נאָר אַ גאָי, אַפילע אַ איד, אַז מע דערצאָרנט אים, שווייגט ער נישט... ער האָט פיינט צו שווייגן. ביפראַט, אז מע לייגט אף אים ארוף די האַנט! און ביפראַט, אַז ס׳איז נישט קיין פּראָסטער מענטש, נאָר, ווי רופט איר אים אָן, אַ קינסטלער, אַ שרייבער, וואָס שרייבט אין די בלעטער, אַ גאנצער פּאַרנעם אין שטעטל, אַ מענטש, וואָס קינד און קייט קענען זיין נאָמען, קיין קליינקייט נישט!

...דערצייל איך עס אַנקעגן דעם, וואָס איר זאָגט: מ׳צי-*טערט*! אַוואדע ציטערט מען. אַ שוואכער מענטש ציטערט. וואָס

דען זאָל ער טון? נעמען צוריק שלאָגן? דארף מען דאָך האָבן קויעך!.. און אַז מע האָט שוין קויעך, טראכט מען אלץ איבער: ווער ווייסט? מ'איז דאָך נישט מער, ווי אַ מענטש, און אַ מענטש האָט אַ טעווע, אז ער פאלט אריין אין דער רעציכע, און אז מ'פאלט אריין אין דער רעציכע, ווייסט מען נישט וואָס מ'טוט, איז מען קאפאבל איך-ווייס-אליין-נישט-וואָס. קען מען אמאָל יענעם אויסזעצן אַן אויג, צי כ'ווייס וואָס. און דעמאָלט פעלן שוין נישט קיין צאָרעס. ס'הייבט זיך אָן אַ מאיסע מיט פּראָצעסן, מיט איידעס, מיט אַדוואָקאטלעך — ס'איז, ווי רופט איר עס אָן, אַ פריי-לעך כאסנקעלע.

נאָר איינמאָל האָב איך, פונדעסטוועגן, געזען, וואָס ס'הייסט נישט קיין מוירע האָבן, וואָס ס'הייסט, אז אַ מענטש איז בא זיך אָפּגעלעקלט און אָפּגעטעקלט, און אז מ'רירט אים, כאָ-לילע, אָן דעם האָנאָר, איז ערגער ווי כ'ווייס-אליין-נישט-וואָס.

— ...האָב איך אייך שוין געזאָגט, אז דאָס איז געווען אַ מענטש נישט קיין פּראָסטאק — נישט קיין איד פון אונזערע אידן, נאָר אַ שעם-דאָוואָר, אַ פארנעם, אַ שרייבער אין אַ צייטונג, און אַ היינטוועלטיקער, און אויסגעפוצט ווי אַ ליאַלקע, און אַ טאטנס אַ קינד, פארשטייט איר מיך. דארף אייך שוין זיין קלאָר, וואָס ס'הייסט, אַז מ'גיט אזא מענטשן אַ פּאַטש און — ביפּניי קאָל אַם-ועאיידאָ *).

... געווען איז דאָס בא דער אסיפע וועגן קאָהעלשע איניאָנים. איז דאָך אייך באקאנט: קאָהאָל. און אַז קאָהאָל צעקאָהעלט זיך, איז, ווי זאָגט איר, כּוישעך! מע רעדט, מע שרייט, מע מאַכט מיט די הענט, מע גוואַלדעוועט. און ווי מ'גוואַלדעוועט אזוי און מע טומלט, עפנט זיך די טיר און ס'קומט אריין וועוול דער שרייבער, וואָס שרייבט אף די בלעטער, אין לאָשנקוידעש.

דערזעען וועוולען, איז קאָהאָל געוואָרן שטיל און געוואָלט הערן, וואָס ער האָט צו זאָגן. „פּאַני וועוול", האָט מען געזאָגט, „זאָגט עפּעס". „נו, גוט!" — האָט געזאָגט וועוול בעקיצער — ער האָט פיינט געהאט אַסאך רייד! — איך זאָג, אז אונזער גאַבע יאָשע פּאכאָליק איז אַ דאָס, ווי רופט מען עס?... (ער האָט

*) פאר אַן איידע מענטשן.

געגומען קנאקן מיט די פינגער. ער איז געווען אַ קאַפּיטשקע זאַאיקע) אַ פּאַסקודניאַק.

אַז יאָשע פּאכאָליק האָט דאָס דערהערט, איז ער געוואָרן רויט, ווי אַ צוויק, איז צוגעלאָפן צו וועוולען און אים אַראָפּ-געלאָזט אַ פּאַטש, — אַז ס'האָט אַזש פאַרקלונגען די שול.

פון יענע פעטש!...

אַז קאָהאָל האָט דאָס דערזעען, איז אים — קאָהאָלן — אַרויס די נעשאָמע. אזא איידעלן יונגנמאן, — נעמט מען און מ'גיט אים אַ פּאַטש. ס'איז גאָר, ווי זאָגט איר, אַ קלייניקייט!

אַז וועוול איז געקומען צו זיך פונם פּאַטש, איז ער געוואָרן צוערשט רויט, דערנאָך בלאַס, דערנאָך גרין, דערנאָך געל — סע האָבן זיך אין אים געמינעט אַלערליי קאָלירן! — און ער האָט זיך אָפּגערופן:

— וואו איז דער פּאכאָליק?

— אָט בין איך! — האָט געזאָגט יאָשע, וועלכער איז געשטאַנען לעבן אים.

— איר האָט מיר געגעבן אַ דאָס, אַ, ווי רופט מען עס? (ער האָט געגומען קנאַקן מיט די פינגער!) אַ... אַ פּ-פּאַטש?

— יאָ. און איכל דיר נאָך געבן פּעטש, ווי די ברעטער, לאָמיר נאָר הערן אַ פּיפּס...

מאַכט וועוול: איר האָט מיך, ווי רופט איר עס (אַ קנאַק מיט די פינגער!), באַליידיקט... און אידן — גיט ער אַ געשריי און טוט זיך אַ שטעל, ווי אַ טיגער. און שפּייט אָן די הענט — אידן! איר זאָלט זיין מיינע איידעס, אַז איכל אים נישט שווייגן... אנו, לאָז ער פּ-פּרוּאוון און מיר געבן נאָך אַ, ווי רופט איר עס (אַ קנאַק מיט די פינגער!), אַ פּאַטש, וועט זיך...

— אָט, נאַ דיר נאָך אַ פּאַטש, דו שרייבערוּציק! — האָט אים יאָשע פּאכאָליק איבערגעשלאָגן מיט אַ פּאַטש אין דער צווייטער באַק.

אָבער מער האָט ער שוין נישט געקאָנט שווייגן, — אונזער וועוול. פּאָרט, ווי זאָגט איר, נישט קיין פּראָסטער מענטש. אַ איד מיט דער פיינער פּען, און דער זעלטענער שמועסער און — אַ טאַטנס אַ קינד...

איז אַזוי גיך, ווי ס'האָט אָפּגעקלונגען דער צווייטער פּאַטש, האָט אונזער וועוול אופגעהויבן די הענט, האָט זיך געהייסן דער-

לאנגען אַ שטיקל פּאַפּיר און — ער האָט זיך אוועקגעזעצט אָנשרייבן אַ שאַרף אַרטיקל קעגן יאָשע פּאכאָליק, וועלכער האָט געהאלטן אין איין געבן פּעטש.

— — — — — — — — — — — — —

און דער דערציילער פאַרענדיקט: „אָט־אַזוי איז, אַז מע פאַרטשעפּעט זיך מיט אַ אידן אַ שרייבער און אַ טאַטנס אַ קינד".

———

מאָראל: דער שוואַכסטער פּאַטש איז מעכטיקער, ווי די מעכטיקסטע פּען.

———

# איינמאָל איינס.

ער איז אַזוי מיד, צום טייוול! מיד, מיד, מיד — אָט-וואָס ער איז! און שולדיק אין דעם איז עטל — זיין ווייב עטל. זינט ער איז פארהייראט, האָט ער נישט פאר זיך אליין קיין רואיקע מינוט. אָט איז ער פאַרליבט אין איינער, אָט אין אַ צווייטער, אָט אין אַ דריטער. ער קאָן נישט רוען — ער קאָן נישט. ער האָט נישט קיין קויעך צו זיין פארהייראט — עס איז נישט פאר זיין טעמפע-ראַמענט. וואָס-זשע זאָל ער טון? זאָל ער נעמען און מאקריוו זיין זיין גליק אפן מיזבייעך פון פארשידענע זאַכן? כא-כא! ער לאכט דערפון — מיט אַ הויך געלעכטער. יעדער מענטש האָט רעכט צו זיין גליקלעך אף זיין אייגענעם אויפן, און וואָס אָנבאלאנגט זי — עטל, הייסט עס, איז... וואָס איז ער שולדיק, אז זי איז אומגליקלעך? אז זי ווייסט נישט פון קיין רואיקער מינוט? וואָס איז ער, הער ה. עפשטיין, מיט דער בלאָנדער, שיינגעשוירענער באָרד שולדיק, אז זיין הארץ איז פריי — ווי די גראָזן אין וואַלד, און אז ער וויל, ווי זאָגט ערגעץ יעהויאָש, אויסזופן דעם בעכער פון ליבע העט-העט ביז צום דנאָ? וואָס איז ער שולדיק, אז ער איז אַ פרעכטיקער יונגערמאַן? וואָס קאָן ער זיך העלפן, אַז זי — עטל, איז אים נישט קיין גלייכע פּאָר, — אז ער איז פולבלוטיק, רייצנד, ציגיינעריש ווילד און אלע פרויען ווערן פאר אים מעשוגע?

...אך, די פרויען! ער האָט זיי ליב. ער האָט זיי פיינט. ער האַסט זיי. ער קאָן אָן זיי נישט לעבן. זיי זיינען דאָס איינציקע צוליב וואָס עס לוינט זיך צו לעבן, און דאָס איינציקע, צוליב וואָס עס לוינט זיך צו אנטלויפן אין דער קאַלטער קאַנאַדע, וואו יויעל ענטין האָט דאָ אנומלטן געלעזן אַ לעקציע.

זיין גאַנץ לעבן, מ'שטיינס געזאָגט! וואָס פאַר אַ מין לעבן ער האָט אָפּגעלעבט, מיט זיין עטלען! קעסיידער איז זי אייפער-זיכטיק אַף אים. און זי ערגערט זיך און קריינקט און ווערט בלאַסער פון טאָג צו טאָג. אַ ראַכמאָנעס אַף איר. די לעצטע צייט איז זי עפּעס גאָר אינגאַנצן פאַרענדערט — אַזוי בלאַס און פאַרכאַלעמט און פאַרביינקט, און קוקט קעסיידער דורכן פענצטער, און זיפצט און זיפצט און זיפצט. זאָל דאָס זיין, אַז זי האָט אויס-געפונען דעם גאַנצן עמעס וועגן זיינע באַציאונגען מיט איר — מיט דער שוואַרצכיינעוודיקער אינטעליגענטקע פון די בראָנקס? *) וואַרשיינלעך. מיסטאָמע. געוויס איז דאָס אַזוי. אַ מאָדנע פאָלק די פרויען — זיי געפינען אַלצדינג אויס מיט זייער אינסטינקט — אַ פיין וואָרט „אינסטינקט״ — אימירצעשעם מאָרגן באַנאַכט, אַז מ'וועט דערלעבן מיט געזונט, וועט ער זען אַריינאַרבעטן דאָס-דאָזיקע ווערטל, בעשאַס ער וועט רעדן מיט זיין בראָנקסער געליבטער וועגן די פאַרשידענע פרויען-נאַטורן.

... איז, הייסט עס, זיין עטל, נעבעך, שטאַרק אייפערזיכטיק אַף אים. אָרעמע עטל! בידנע עטל! זי האָט אים, נעבעך, אַזוי שטאַרק ליב, און וואָס איז דער כידעש! ווער קאָן דאָס, אַשטיי-גער, פ י נ ט האָבן אַזאַ מין פיין-געבויטן, עלעגאַנטן בלאָנד-בער-דיקן מאַנספאַרשוין, ווי ער, הער ה. עפּשטיין, איז?

און וואָס וועט נאָך זיין, אַז זי וועט זיך באַלד, אין אַ צען מינוט אַרום, בעאַייס ער וועט אַהיים קומען, דערוויסן דעם עמעס, אַז ער מוז זי פאַרלאָזן. ער קאָן מיט איר נישט לעבן. ער אַכטעט זי — אָבער דאָס אַלעס. אויב זי וויל פאַרבלייבן זיין פריינט — גוט! אָבער בלייבן זיין פרוי קאָן זי נישט — כאָטש, איין גאָט אין הימל ווייסט דעם עמעס, אַז ער האָט לאַנג געקעמפט מיט זיך, ביזוואַנעט ער האָט זיך באַשלאָסן צו דעם שריט. אָבער עס מוז געשען: ער וועט גיין זיין וועג אין די בראָנקס און זי... אך! וואו איז ס'ווייסע טאַשנטיכעלע ס'אויסגעפּרעסטע? אָט איז עס. ער וועט זיך אויסווישן אַ טרער פון אויג. ס'איז אַ גאָטס ראַכמאָנעס אַף דעם ווייבל. זי האָט נעבעך קיינעם נישט. וואוהין וועט זי גיין? צו וועמען וועט זי זיך ווענדן? זי איז נעבעך

*) „בראָנקס״ איז דער נאָמען פון אַ געוויסן טייל שטאָט אין ניו-יאָרק.

עלנט, ווי א שטיין. ער ווערט זיך אויסווישן נאך א טרער — פון אנדערן אויג אויך. צום גוטן יאָר! ער איז היינט עפּעס אזוי מאָדנע סענטימענטאַל. צעקראָכן. מע דאַרף טאַקע האָבן אַ האַרץ פון אַ גאַזלען — צו נעמען אַזאַ עלנט, אזא פיין ווייבל, וואָס זי האָט אים אזוי מעשוגע־ליב, און זי איבערלאָזן איינע אליין אין דער גרויסער וועלט.

עפּשער וועט זי באַגיין זעלבסטמאָרד. ס'איז שיין צו הערן, ווי ער זאָגט „עפּשער", ס'איז נאָך באַ אים אַ סאָפעק, הייסט עס! כע־כע. וואָס דען וועט זי טון? זי וועט דען קאָנען לעבן אַ טאָג אָן ה. עפּשטיין? ס'איז נאַריש גערעדט. ער ווייסט, ווי הייס, ווי הייסער, ווי אומענדלעך פלאַמפייערדיק הייס זי ליבט אים. אָבער — ער קאָן זיך נישט העלפן. ער האָט עס אין דר'ערד. ער האָט נאָך אליין אויך גאָר נישט גענאָסן פון לעבן. ער איז נאָך אליין אויך גאָר אַ יונגע זאַך — אינגאנצן זעקס און פערציק יאָר אַלט. ער קאָן נישט, ער קאָן נישט. ער קאָן נישט!

אָט איז ער שוין באַם הויז. סע לויכט זיך דורך די פענצטער. זי שלאָפט נאָך נישט. זי וואַרט אף אים. זי וועט כאַלעשן, אַז זי וועט הערן די שרעקלעכע בסורע — אָבער — אזוי בלייבט עס. ער איז נאָך אליין אויך אַ יונגער מענטש... אינגאנצן זעקס און פערציק יאָר אלט. אָט שליסט ער שוין אוף די טיר — מיט זיין אייגענעם שליסל. גוטנאָוונד, עטל! וואָס מאַכסטו? שלאָפסט נאָך נישט? וואָס איז דער מער? דאַרפסט מיר עפּעס זאָגן? אָלרייט. זאָג. ער דאַרף איר אויך עפּעס זאָגן. נאָר לאָז זי זאָגן צוערשטן. הא? וואָס? ער האָט נית געכאַפּט אַקוראַט די ווערטער. ווי? זי האָט באַשלאָסן אים צו פאַרלאָזן. וואָס איז דער מער? הא? אָהם! אזוי... אָהאָם? זי ליבט אים נישט. זי ליבט דעם מיסטער לאַנדער פון האַרלעם *) — ליבט זי! זי האָט שוין לאַנג געדיינקט אים, עפּשטיינען, אויסצוזאָגן דעם עמעס, נאָר זי האָט נישט געקאָנט. זי האָט אף אים ראַכמאָנעס געהאַט. זי ווייס, ווי שטאַרק ער האָט זי ליב. זי האָט אים אויך ליב — אלס פריינט, אָבער נישט מער. ווייטער לעבן מיט אים אלס מאַן און פרוי — קאָן זי נישט. לאָז ער איר אנטשולדיקן. גאָט ווייסט דעם עמעס, אַז זי

*) האַרלעם איז דער נאָמען פון אַ געוויסן קוואַרטאַל אין ניו־יאָרק.

האָט זיך נישט אזוי לייכט באשלאָסן צו דיזן שריט — אָבער זי קאָן זיך נישט העלפן. זי איז נאָך אַליין יונג — אינגאנצן אַכט און דרייסיק יאָר אַלט, און זי וויל נאָך אויך אַביסל געניסן פון לעבן, זי האָט צו אים — צו עפשטיינען — גאָרנישט. אַדעראַבע, זיי פאר-בלייבן די בעסטע פריינט, נאָר לעבן מיט אים קאָן זי נישט... זי קאָן נישט, קאָן נישט, ק אָ ן נ י ש ט! וואָס איז דער מער, וואָס ער איז אַזוי בלאַס געוואָרן? אָי, ווי איז צו איר. עפשער נישט גוט געוואָרן? נעם אַביסל וואַסער, עפשטיין! אָט אזוי... נעם נאָך אַביסעלע! וואָס ווײנסטו, דו נאַרעלע? מ׳דארף נישט וויינען! דו וועסט זיך געפינען אַן אנדערע, הא? דו קאָנסט אָן מיר נישט לעבן? דו וועסט באגיין זעלבסטמאָרד? דו וועסט זיך דערשיסן? פע, עפשטיין, רעד נישט אזוי! אַ מאַן דארף נישט אזוי ריידן.

איך האָב זיך אף דיר עס נישט געריכט. עס טרעפט, אַז פארהייראטע מענטשן געפינען אויס, אז זיי קאָנען נישט לעבן צוזאמען און מע צעשיידט זיך. ווײ איז מיר. וואָס איז דיר, עפשטיין? דו כאַלעשט שוין ווידער? נאַ, נעם נאָר אַביסל וואַ-סער — נעם נאָך אַ טראָפּעלע. ווײ איז מיר, ווי דו ביסט פארענ-דערט געוואָרן אין די עטלעכע מינוט.

---

## צוליב דער מוטער.

זי איז שיין. זי איז יונג. זי איז וואונדערבאַר.

איר אויגנבלויקייט איז טיף. איר לאָקנבלאָנדקייט איז אונער-הערט. איר פּאָנים איז קאַרשנזאפט און מילך — גוט געמישט. איר געשטאַלט איז בויגיק, ווי אַ ווערבע. אירע הענט זיינען דין און איידל און אַלצדינג.

אָבער זי האָט אַ מוטער. און די מוטער אירע איז מיסטאָמע אויך אַמאָל געווען יונג און שיין, און בלאָנד, און אַלצדינג, און איצט איז זי ברייט, צעשוואומען, פולגוידערדיק, שווער, אומעגלעך.

די טאָכטער הייסט אַנאַ.

די מוטער הייסט קאָנטשעטאַ.

און די שיינע אַנאַ פון היינט, דאָס איז די צוקונפטיקע קאָנ-טשעטא פון מאָרגן, פון איבערמאָרגן...

און די צעשוואומענע קאָנטשעטא פון היינט מיט אַ האָר-וואָרצל אף דער לינקער זייט פון פּאָנים, — דאָס איז די וואונדער-באַרע אַנאַ פון נעכטן...

און אַנאַ, די שיינע, בלאָנדע, וואונדערבאַרע. אונערהערטע, גוואַלדיקע אַנאַ פון ניו-יאָרק דעם 28-טן אָקטיאבער, ניינצן-זיבעצן, טראָגט אין איר שנעל-פליסיק בלוט די רויע מעגלעכקייט צו ווערן די עלטערע שווער-באלעבאטישע פרוי פון דעם זעקסטן סענטיאבער, ניינצן זיבן-און-דרייסיק. אירע שיינע אויגן, וואָס נוצן-אויס אזויפיל נעשאָמע פאר זייער טעגלעכן געברויך, טראָגן אין זיך די מעגלעכקייט צו ווערן ליידיק און נעשאָמעלאָז, מיט טרערן-קישעלעך אונטער די ברעמען. איר הויך, ווערבעדיק גע-שטאַלט טראָגט אין זיך פארשלאָסן די רויע מעגלעכקייט צו ווערן אויסגעפלאכט, פארנידעריקט און מאנסבלש. איר שיין לעוואָנע-

פּאָנים טראָגט, אונטער דער הויט, די מעגלעכקייט צו ווערן אויס-געבריט, פירעקעדיק און פאַרגוידערט. אירע דינע הענט טראָגן אין זייערע פיין-בלויע אָדערן די מעגלעכקייט אָנצוטרינקען די הענט מיט צופּיל בלוטזאַפט, אַזוי אַז זיי זאָלן ווערן רויט, פעט-לעך, וואַרעם און שטומפּיק.

און דעריבער:

אַז אונזער העלד באָנסיניאָר, 28 יאָר אַלט, נישט פאַרהייראַט, פון זעקס הונדערט פיר און פערציק סימפּסאָן עוועניו, ניו-יאָרק, האָט זיך באַקענט מיט דער שיינער, מיט דער וואונדערבאַרער אַנאַ, און אַז ער האָט אַ קוק געטון אויף איר הויך געשטאַלט, אויף איר פאַרבלייכט לעוואָנע-פּאָנים, אויף אירע אויגן, וואָס ברענען אויס שטיקער נעשאָמע אַזוי שנעל, ווי אַ גרויסער אויטאָמאָביל ברענט אויס גאַז, און אַז ער האָט אָנגענומען איר שיינע, דינע, קילע האַנט אין זיינער, האָט באָנסיניאָר געפילט אַ טיפע ערד-ציטערניש אין מיטלפּונקט פון זיין האַרצן. זיבן גרויסע געוויטער-שטורעמס האָבן דורכגערוישט אין זיין בלוט, און אין זיין מויעך האָט געבליצט, געדונערט, גערעגנט און — ס'איז אופגעגאַנגען אַ קלאָרע, אַן אויסגעוואַשענע אויגנזון... און די נעמלעכע זון איז געשטאַנען אין באָנסיניאָרס ווייט-געעפנטע אויגן, וואָס זיינען ארומגעגאַנגען שפּאַצירן אהין און צוריק, איבער דער ווערבעדי-קער געשטאַלט פון דעם מיידל, און וואָס האָבן שטומערהייט אויסגעזונגען גאַנצע ביבליאָטעקן מיט קלאַסישער פּאָעזיע. גאַנצע האַמבורג-אַמעריקאַן-ליניעס מיט פאַרוואונדערונג!...

באָנסיניאָר — איך פאַרזיכער דאָס אייך אויף מיין ערנוואָרט! — איז געווען שוידער-שוידער-שוידערלעך פאַרליבט. זעקס הונדערט קאַפּיטלעך שיר-השירים, אין אַ איטאַליענישער איבערזעצונג, האָבן דורכגעצויגן דורך זיין געדאַנק מיט דער גיכקייט פון 82 מייל אַ שאָ. באָנסיניאָר איז געשטאַנען איינער אליין, ארומגע-רינגלט פון זיינע הערכסטמערקווירדיקע וואָנצן, און ער האָט געקרייזלט די וואָנצע, וואָס איז געלעגן נעענטער צום צאָפּן-זייט פון זיין געזיכט, און ער האָט געטראַכט אין אָט אזוינע-אָ ריזיקע ווערטער:

„איך האָב זי ליב!"

אַ ווײַלע אדער אָנדערהאלבן איז אונזער פּאָפּולערער באָנסיניאָר אזוי געשטאַנען אין הויז פון דער שענסטער פון אלע אַנאַס, און די ליבעס-געדאנקען האבן אים ארויסגעקוקט דורכן הויכגעבויטן איטאליענישן שטערן, זײַנען אים ארײַן אין די אויגן, און פונדארטן זײַנען זיי מיט פליסיק פייער אַריבער אין אַלע אָדערןצווייגן פון זײַן יונגן נעאַפּאָליטאנישן לייב, און זיי האבן אים ארײַנגעשריגן אין אויער פון יעדן טראָפּן בלוט, און ס'האט זיך אונטער אים אונטערגעצונדן דער גרעסטער טייל פון זײַן פערזענלעכן אוניווערזום, און ער האט נישט געוואוסט וואָס צו טון.

ער האָט יאָ געוואוסט וואָס צו טון. ער האָט זי ארומגענומען מיט אלע הענט און ער האָט זי געגעענטערט צו זיך, און אַז די רעכטע האַנט איז פארלוירן געגאנגען ארום איר טאליע, איז זי באלד אופגעזוכט געוואָרן פון דער לינקער האַנט, און קעדיי זיי זאָלן זיך מער נישט פארלירן, האָבן זיך די צוויי באָנסינאָרישע הענט געהאלטן נאָענט איינס לעבן ס'אַנדערע, און — קיין קראַפט אין דער וועלט וואָלט זיי נישט געקאָנט צעשיידן.

פּאָרהאַנג און נאָכאַמאָל פּאָרהאַנג.

אז באָנסיניאָר איז געקומען צו זיך, האָט ער געהערט ווי ער זאָגט מיט אַ געבאָרגט קאָל: „אנא, איך קאָן אָן דיר נישט לעבן אַ מינוט. אַנאַ, לאָמיר לויפן איבער די בערג פון צענטראַל-פּארק. אַנאַ, לאָמיר אוועק אין דער ווייטער וועלט ארײַן. אנא — בא דעם לעצטן „אנא" איז (זייער פּלוצלונג) באָנסיניאָר געבליבן שטיין מיט גרויס אויגנפארוואונדערונג, זײַנע הענט, וואָס זײַנען געווען איינג פארזאמלט ארום דער טאליע פון דער שיינער אַנאַ, זײַנען געווען שלאַף און אנטמוטיקט, און זײַנע ליפּן זײַנען געבליבן אָפן מיט די ציין קימאט אינדרויסן.

וואָס איז געשען?

עס איז געשען, אַז אַנאס מוטער, קאנטשעטא, איז ארײַנגעקומען און, אינײַנעם מיט איר, איז אויך ארײַנגעקומען די שפּעטערדיקע אַנאַ, די אנא פון דער ווייטער צוקונפט, די דורכויס-פארהייראַטע אנא, מיטן האָר-וואָרצל אפן פּאָנים, מיטן קורצן האלז, מיט די גרינוואסערדיקע אויגן, מיט די שטומפּיקע הענט, מיט דעם שווערן גאנג.

האָט צו אים גערופן אַ שטים:

באָנסיניאָר, באָנסיניאָר, קום צו זיך און זע דיין צוקונפטיקע געליבטע! זע די רויע מוטער-מעגלעכקייטן, וואָס שלומערן אין דעם ווייסן לייב, וואָס זיינען פארבאהאלטן אונטער דער איידע-לער הויט, וואָס זיינען פארבאָרגן אונטער די ליידנשאפטיקע סאלאָמע-ליפן.

באָנסיניאָר, באָנסיניאָר, קום צו זיך און זע דיין געליבטע מיט צען—צוואַנציק יאָר שפעטער! זע דיין פארעמעסטן כאָלעם. זע דיין פארמוטערטע אַנאַ. זע דיין שיינעם אנא-אידעאַל, אָנגע-טון אין דעם שלעכטן געשטאלט פון איר מוטער.

באָנסיניאָר, באָנסיניאָר. קום צו זיך און זע די ד ע ר ו ו א ַ כ ו נ ג פון דיין רויט-נעאפאָליטאנישן כאָלעם, — זע, ווי פראָסט דאָס איז, ווי נישט-שיין, ווי שלעכט געפורעמט, זע דיין — צוקונפטיקע קאנטשעטאַ!

און באָנסיניאָר איז געקומען צו זיך. ער האָט געזעען: אי אנאן, אי קאנטשעטאן: אי דעם כאָלעם, אי די ע מ ע ס ד י ק י י ט. און זיינע אויגן האָבן געבלאָנזשעט אַהער און אהין: האַלב כאָלעם, האלב קאנטשעטאַ. האַלב ווירקלעכקייט, האלב אַנאַ! און פון דעם גרינגוואסערדיקן בליק פון דער ווירקלעכקייט, פון דער קאָנטשעטא, האָט ער לעבנסקלוגשאפט ארויסגעשעפט, האָט ער ארויסגעשעפט די פארשטענדעניש פאר דעם עמעס פון שיינזעריי, האָט ער ארויסגעזעען די שיינקייט אין אירע אלע שרעקלעכע מעגלעכקייטן.

אַנאַ און — קאנטשעטא.

די שיינבליענדיקע, יונגע גאזעל-גרינגע אנא פון היינט איז די שווערגייענדיקע, אומעגלעכע קאנטשעטא פון מאָרגן. דער היינטי-קער כאָלעם פון שיינקייט איז דער מאָרגנדיקער כאָלעם פון שפּא-געטי און גרינצייג, פון עסן און רוען.

באָנסיניאָר איז געשטאנען אַ ווייל, אין נאָך אַ ווייל, און נאָך איינע. די ארומנעמונג, מיט וועלכער ער האָט פריער ארומגענומען איר לייב, האָבן געהאנגען אף זיינע אָרעמס, ווי שווערע רייפן, די ליפן, פון וועלכע ס'האָבן ארויסגעבליט אזוינע ווייסע-ווייסע, דופטנדיקע ווערטער, האָבן זיך געפילט פארוויאנעט און טונקל, און דאָס בלוט, וואָס האָט ארויסגעזונגען אזא הייליק-געשוואוירענע ליבשאפט, האָט זיך געפילט מיד און פארשעמט.

קאָן דער שיינער באָנסיניאָר ליב האָבן אָט די-אָ צוקונפטיקע קאנטשעטא, וואָס שטייט פאר אים אין געשטאלט פון איר מוטער?

קאָן דער קלוגער באָנסיניאָר זיך פארליבן בלויז אין אַ שאָטן פון שיינקייט, וואָס וועט באלד פארשווינדן?

קאָן דער פראַקטיקער באָנסיניאָר הייראַטן אַזאַ אומעגלעכע צוקונפט, אַזאַ שטיק עכט-ווייבערישקייט? און זאָל ער זיך לאָזן פארפירן פון דעם הויכגעוואקסענעם כאָלעם, וואָס הייסט אַנאַ?

ניין. ניין, ניין.

און באָנסיניאָר שטאמלט אויס עטלעכע פארגעבונגס-ווערטער אין אַ פארצווייפלטן איטאליעניש, נעמט זיין שווארץ-וויכן הוט און גייט אַוועק.

און — אויב איר ווילט, לעזער שיינע, לעזער גוטע — גייט ער נ י ש ט אוועק. ווייל וואוהין וועט ער גיין, דער קלוגער באָנסיניאָר? וואו וועט ער זיך באהאלטן פון דער קאנטשעטא-מעגלעכקייט פון די אנאס? וואוהין וועט ער אַנטלויפן פון דער פארגאנגלעכקייט פון אַ כאָלעם, וואָס ד ע ר ו ו י י ל איז ער אזוי וואונדערלעך, ווי באגדאד, און אזוי ראָמאַנטיש, ווי דאָס פאר-פלאָסנקייט פון אַ טייך?

געענדיקט.

---

# געוועזענע מענטשן.

די פאָלגנדע סצענע וועט ווארשיינלעך קיינמאָל ניט פאָרקומען. איך גיב זי דערום איבער אַקוראַט מיט אַלע איינצלהייטן געטריי צו מיין פאַנטאַזיע.

פערזאָנען:

ער: א מאַנסבל.

זי: א דאַמע.

—

סצענע: א פאַרק.

צייט: פרילינג.

—

ער: פריילן, פאַרוואָס שמירט איר זיך אָן מיט אַלערליי זאַכן? (האלט זיך צו די נאָז) פוי! איר שמעקט שרעקלעך.

זי: און וואָס איז מיט אייך? איר שמעקט ווי אַ ראַזיר-שטוב.

ער: יעס. מיר שמעקן ביידע.

זי: און די ליפן אייערע זיינען עפּעס אַזעלכע כאַזערשע, פול מיט טאַיווע.

ער: דערפאר זיינען בא אייך אויך אַ פּאָר מאַכשייפע-ליפּע-לעך. אַ לייטישער מענטש וואָלט זיי קיינמאָל ניט געקאָנט קושן.

זי: און ווי געפעלן אייך מיינע בלאָנדע לאָקן? צוויי מיט אַ האַלבן דאָלאר פאר זיי באַצאָלט.

ער: גאַנץ פיינע לאָקן, נאָר צו טייער פאר אַזאַ קאָפּ (זיפצט). נאָר וואָס קאן מען דערוואַרטן פון אזא נארישער מויד, ווי איר?

זי: יעס. איך בין זייער אַ נאַרישע מויד. אַ טעמנע בעהיימע.

ער: און דערצו נאָך אַ גרויסע מיעסקייט אויך.

זי: יעס, איך בין אַ שרעקלעכע מיעסקייט.

ער: און א צעקראָכענע.

זי: און קוקט, ס׳ארא שמוציקע אויערן בא מיר איז (ווייזט אים אף די אויערן), אין יעדער אויער-לעכל וואָלט מען בא מיר גע-קאנט איינפלאַנצן עטלעכע וואַזאָנעס — אַזויפיל בלאָטע איז דאָרט פאראן.

ער: (ווייזט אף די נעגל פון זיינס הענט): נו, און וואָס פעלט מיינע נעגל?

זי: מיר זיינען פון די ריכטיקע לייט.

ער: יאפ! (פאָרויסזעענדר) און היינט שטעלט זיך נאָר פאָר, וואָס סע וועט בא אייך זיין נאָך דער כאַסענע.

זי: סע וועט שוין זיין בא אונז אַ שיין הויז!

ער: איך שטעל זיך פאָר, אַז אונזער וואוינונג וועט זיין אַן עמעסע כאַזער-שטאַל.

זי (שפינט ווייטער דעם גדאַנק): און עטלעכע באָרוועסע „יאַטן" מיט נאַקעטע בייכלעך וועלן אַרומלויפן אין שטוב און זיך איינס ס׳אַנדערע אַריינשיסן בעבלעך אין די אויערן. און די קוילעס מיט גוואַלדן וועלן גיין אַד-לעוו-האַשאָמאַיִם.

ער: און שכיינים וועלן קומען צולויפן מיט שעפלעך וואַסער.

זי: און פון אומעטום וועט מען אונז אַרויסטרייבן.

ער: און מיר וועלן האָבן אַ פולע שטוב מיט „פרייסן" — פון די עמעסע!

זי: און וואָס איז דער מער מיט וואַנצן?

ער (פאנטאזירט ווייטער): מירן האָבן וואנצן אויך! אַ דאַיגע!

זי: און פליגן?

ער: מירן האָבן פליגן אויך פון די גרויסע! פון די, וואָס האַלטן זיך בלויז לעבן די פענצטער און מע קאָן זיי ניט אַרויס-טרייבן.

זי: און פליי?

ער: וועט זיין פליי אויך. אַבי געזונט!

זי (צושטימענדר): יעס. מירן האָבן אַסאַך פליי.

ער: און דאָס אינגסטע קינד וועט האָבן אן אויסגעגאָסן קעפּל.

זי: יעס. און אַ פארשטאָפט נעזל.

ער: און דאָס גרעסערע אינגל וועט שלאָגן דאָס קלענערע.
זי: און דאָס עלטסטע מיידל וועט זיי ביידן דערלאַנגען.
ער: און מיר וועלן זיי אַלעמען פּאָדאווען איבער די קעפּ.
זי: יעס. מירן זיי שלאָגן ווי די הינט!
ער: און בא 10 יאָר וועלן מיר זיי שוין שיקן „פּעדלען" מיט צייטונגען.
זי: און מירן זיי אויסלערנען רעדן פּאַסקודנע רייד!
ער: מיר אַליין וועלן זיך אַלע מיטוואָך און דאָנערשטיק צע-קריגן און זיך אָנזידלען, ווי די ערגסטע.
זי: און מירן דאָס מאַכן, אַז די קינדער זאָלן הערן.
ער: פארשטייט זיך!
זי: און זיי זאָלן אופוואקסן אַזוי ווי זייער טאַטע-מאַמע.
ער: מיט פּליכעס.
זי: און מיט געפארבטע האָר.
ער: און שמוציקע אויערן.
זי: און מיט פּאַסקודנע צונגען.
ער: פונדעסטוועגן וועלן מיר ביידע כאַסענע האָבן גאָר אינ-גיכן (קיצלט זי) כע-כע!
זי: כע-כע-כע.
ער: און דו ווילסט מיך, צי ניין?
זי: איך וויל דיך, ווייל דו וועסט פארדינען געלט, און דו?
ער: איך וויל דיך, ווייל דו ביסט אַ פּעטע, כע, כע! (טשע-פּעט זיך צו איר).
זי: גראדיעהיער! טשעפּע זיך אָפּ! ניטע! דערווייל זיינען מיר נאָך פרעמדע (נאָכגיביקער). ווען וועלן מיר נעמען כופּע-קעדושן.
ער: נאָך שאַבעס. אַז מ'וועט דערלעבן!
(פארהאנג פאַלט און פאַלט אָן אן אופהער, מע קאן אים ניט איינהאלטן).

---

# דער קייסער.

איך בין קייסער, איך בין אימפעראטאָר. איך בין זעלבסט-הערשער.

און מיין נאָמען איז שמועל פעלדמאַן: קייסער שמועל פעלדמאַן, דער ערשטער. איך בין קייסער פון מיין פרוי, קעניג פון מיינע קינדער און זעלבסטהערשער איבער דרייסיק דאָלאַר אַ וואָך.

איך בין הערשער פון גאָטס גענאָד. אין מיין האַנט ליגט דאָס גליק פון מיין פאַמיליע, די צוקונפט פון מיין יונגער פרוי, דאָס מאַזל פון אַכט לעבעדיקע באשעפענישן.

איך בין קייסער שמועל פעלדמאַן. איך הערש מיט אן אייזערנער האַנט, און מיין וואָרט איז באפעל — פאר מיין ווייב, פאר מיינע קינדער — פאר מיינע אונטערטאַנען.

אָנגעהויבן צו הערשן האָב איך מיט צוועלף יאָר צוריק. דאָס רעכט פון דער רעגירונג האָב איך איבערגענומען פון מיין פאָטער — ער איז אויך געווען אַ מאַנסבל, און ער איז יאָרנלאַנג געזעסן אַפן פאָטער-שטול און רעגירט איבער מיין מאַמען, און איבער מיינע דריי צעשראָקענע שוועסטער און מיינע פיר ברידער, וואָס האבן געציטערט פאר זיין קוק.

מיין פאָטער, קייסער מענאַכעם דער זעקסטער, איז געווען אַ שטרייגנער הערשער — זייער אַ שטרייגנער. ער האָט ניט געוואוסט פון ראַכמאָנעס, פון פארגעבונג, און יעדעס מאָל, וואָס אַן אונטערטאַן האָט זיך בא אים מיט עפעס פארזינדיקט, פלעג ער באקומען אַ שווערע שטראָף. שמועל, — פלעג ער צו מיר זאָגן בעאייס איך פלעג אַהיים קומען מיט פארשטויבטע שיך און מיט אַ צעריסן רעקל — שמועל, לייג זיך אַריבער אַפן ביינקל, וועל איך דיר אָפּציילן אַ פּאָר הייסע יאַרמולקעס, אַז דער רוען וועט

דיך נעמען! דערביי פלעג ער אויסטון די קרוין, אַפירנעמען די יאַרמולקע און מיך שלאָגן — ביז בלוט, מיך שלאָגן אָן ראַכמאָנעס, און אַז די מאַמע פלעג זיך אַריינמישן און בעטן, ער זאָל מיך ניט אַזוי שלאָגן, פלעג ער אַ גלעט טון זיין מאַיעסטעטישע באָרד און ענטפערן: איך אַרבעט פאר דעם געלט, איך בין דער פארדינער. איך וועל דאַרפן באצאָלן פאר אַ ניי אַנצוגל, אויב דאָס אַלטע וועט זיין צעריסן.

און די מאַמע פלעג שווייגן.

יאָרנלאַנג איז מיין פאָטער אַזוי געזעסן אפן פאָטער־שטול און ארויסגעגעבן באַפעלן: וויפל פיש מע זאָל קויפן אַף שאַבעס, וויפל מע זאָל געבן נעדאָוועס אָרעמעלייט, וויפל די מאַמע זאָל אויסגעבן אַף אַ ברוסט־טיכל און אוירינגלעך און וויפל מע זאָל אַוועקלייגן אַף שפעטער.

און אז מיין מאַמע פלעג זאָגן, אַז זי האָט ניט פון וואָס צו שפאָרן, ווייל דער ביודזשעט איז זייער אַ קליינער, פלעג מיין טאַטע, קייסער מענאַכעם דער זעקסטער, זיך פארויכערן אַ גוטן סיגאַר, נעמען דעם טאַלעס־זאַק אונטער די אָרעמס און אַוועקגיין אין קלויז אַריין, בעשאַס די מאַמע פלעג בלייבן אינדערהיים און וויינען.

— וואָס זאָל איך זאָגן? וואָס זאָל איך רעדן? — פלעג זי אויסגיסן איר נעשאָמע צום טייטש־כומעש, — אַז גאָט האָט אים פאָרט באַשאַפן אַ מאַנסבל? אַז ער איז פאָרט דער מיילעך פון דעם וועלטבאַשאַף, און איך? וואָס בין איך, מ׳שטיינס געזאָגט? — אַ זינדיקע אישע, אַ ווייבסבילד.

אָפטמאָל פלעג מיין פאָטער, קייסער מענאַכעם דער זעקסטער, באזעסן ווערן פון אַ געדאַנק, אַז ער מוז באהערשן גאנץ קאָהאָל, און ער פלעג אַרויסגיין אין שלאַכט מיט דעם שויכעט און טאַינען, אז יענער קאן ניט קיין הילכעס שכיטע *) — און קאָן אַפילע ניט אָפציען דעם כאַלעף; אָדער ער פלעג אַרויסגיין אין קריג קעגן אַ שאָכן, טאַינען, אז יענער האָט בא אים פאַרכאַפט אַ בינטל פלאַקס, אָדער אויסגעדונגען אַ פאָר טויבן, און אַז ער מוז האָבן אַן אָרט אין דער זון — פונם מאַרק־פלאַץ, וואו זיך פאנאנ־

---

*) די דינים, וויאַזוי מע דארף קוילן.

דערשפּרייטן מיט זיינע געשעפטן, און אַז ניט, וועט זיין קריג — ביז בלוט.

אָבער מיין טאַטע אַליין איז געווען אַן אָפּגעהיטער מענטש, און ניט קיין געזונטער, האָט ער זיך ניט געקאָנט אַליין קריגן, פלעג ער צונויפרופן זיינע אונטערטאַנען—די מאַמע און אונז, און געגעבן אַ באַפעל, אַז מיר זאָלן אַטאַקירן דעם סוינע מיט קלאָ-לעס, און—ער אַליין וועט זיך דערווייל צולייגן שלאָפן אין דער קאַמער, ווייל ס'איז דאָרטן זייער קיל, און איינער פון אונז, קינ-דער, וועט מוזן אַוועקלויפן צו דעם ברונים און ברענגען אַ קרוג קאַלטע וואַסער, ווייל סע דאָרשט אים.

אַן אַנדערש מאָל, ווען מיין פאָטער פלעג זיין גוט אופגע-לייגט — אַז ער איז געקומען פון אַ יאַריד מיט אַ שיין פאַרדינסטל— פלעג ער צונויפרופן אַלע אונטערטאַנען און זיי דערציילן, וואָס פאַר אַ טייערע מאַיכאָלים ער האָט געגעסן אין שטאָט, און ווי אַזוי ער האָט פאַרטרונקען מיט פילזנער ביר, און ווי אַזוי ער איז געווען אַף אַ קאָנפערענץ פון קייסאָרים, וואו מע האָט גע-שפּילט „דערדיל” און מע האָט בארעדט די ווייבער, און ווי אַזוי ער האָט פאַרשפּילט קימאַט דאָס גאַנצע געלט, וואָס ער האָט פאַר-דינט אַפן יאַריד — און פאַרוואָס הוסט דאַס קינד? פאַרוואָס גיט די מאַמע ניט אַכטונג, אַז דאַס קינד זאָל זיך ניט פאַרקילן? און וואו איז זיין נייער סצעפּטער-שטעקן, מיטן זילבערנעם הענטל, ער וויל זיך אַביסל דורכגיין שפּאַצירן אין מאַרק אַריין? און ווען וועט די מאַמע גיין מעלקן די קו? שוין צייט מעלקן די קו. אָט הערט, ווי זי מרוקעט. און פאַרוואָס לופטערט זי אים ניט אויס די זיידענע בעקעשע? מירצעשעם, איבער אַכט-טאָג דאָנערשטיק וועט ער זיך אַביסל דורכפאָרן צום רעבן און דאָרט פאַרברענגען עטלעכע וואָכן — ביז איבער די יאָנטויווים, אַז מ'וועט דערלעבן.

און אַז די מאַמע האָט געוויינט און געזאָגט, אַז זי ווייסט, אַז דער טאַטע גייט אין מאַרק אַריין אויסדינגען דאָס שטיקל פעלד בא שאָלעם ראפּ, און אַז יענער איז נעבעך אַ בלוטיקער אָרעמאַן און ס'איז אַף אים אַ גרויס ראַכמאָנעס, האָט מיין טאַטע, דער קייסער מענאַכעם, געענטפערט:

— איך מוז האָבן אַן אָרט, וואו מיינע אונטערטאַנען זאָלן זיך קאָנען אויסשפּרייטן, צעוואַקסן, רייך ווערן.

און אַז מײַן מאַמע האָט געענטפֿערט, אַז זי איז קעגן אַנעקסיע, און אַז זי באַנוגנט זיך מיט איר אײגן שטיקל ערד, האָט דער טאַטע זיך צעשריגן, אַז זי װײסט ניט װאָס זי רעדט, און אַז הײנט באַנאַכט װיל ער, זאָל מען אים מאַכן בלינצעס — ער האָט שױן לאַנג ניט געגעסן קײן בלינצעס.

אײנמאָל באַנאַכט בין איך געגאַנגען מיט מײַן טאַטן פֿון שול. ס'איז געװען אַ װײַסע זומער-נאַכט, לעװאָנע-שטײנדלעך זײַנען געלעגן אַפֿן װעג, און שטערן-פֿײַער האָט זיך געפֿינקלט אומעטום. די װײַסקײט האָט געשמעקט מיט בליאונג, מיט לעבן, מיט קאַרשנצװיט — װײַל אונדזער שטעטל איז אַ קאַרשנשטעטל.

זײַנען מיר אַזױ געגאַנגען שטילערהײט. דער טאַטע האָט זיך עפּעס אונטערגעזונגען אַ כסידישס און האָט מיר געגלעט דעם קאָפּ. ער איז געװען גוט אױפֿגעלײגט, דער טאַטע. האָט ער מיר אַ גוט־ברודערלעכן פּאַטש געטון אױף דער פּלײצע און געזאָגט:

— באָכערל, האָב נאָר כאַסענע, װעסטו זײַן אַ מענטש. װעט דיר גאָרניט פֿעלן. זאָלסט נאָר ניט נאָכגעבן דער װײַב צופֿיל. געדײנק, דער מאַנסבל דאַרף געװעלטיקן, אַזױ זאָגט די טױרע.

און די װערטער זײַנען מיר אַרײַן אין קאָפּ. — דער מאַנסבל דאַרף געװעלטיקן. אַזױ זאָגט די טױרע.

און דער כײשעק צו הערשן, צו געװעלטיקן האָט מיר געציטערט אינעם בלוט. דאָס מאַנסבלשע אין מיר האָט דערװאַכט — איך האָב געװאָלט רעגירן, אַזױ װי מײַן טאַטע. מיט אַ שטרײַמל-קרױן און מיט אַ סצעפּטער-שטעקן, און מיט אַ פּאָטער-שטול — אַזױ װי מײַן טאַטע.

האָב איך זיך דערקלערט אין ליבע צו אַ מײדל אױף אַ קעניגלעכן און גרױסמוטיקן אױפֿן. האָב קלאָמערשט אַראָפּגעניִדערט אױף דער קני פֿאַר איר, האָב געבױגן מײַן קאָפּ צו אירע פֿיס, אָבער דאָס איז בלױז געװען אַ צערעמאָניע, אַ מין קעניגלעכע אײַנשװערונג, אין אַזאַ מאָמענט זײַנען די קײסערקעניגע זײער גרױסמוטיק. פֿראַנץ יאָזעף פֿלעגט װאַשן די פֿיס פֿון אַלטע בעטלער.

באַלד בין איך געװען אײַנגעשװאָרן. דער מעסאַדער-קעדושן האָט געלעזן מײַן קסובע-מאַניפֿעסט, װאָס איך האָב אַרױסגעלאָזן צו מײַן פֿרױ און אין װעלכן איך האָב דערקלערט, אַז איך נעם זי אונטער מײַן שוץ און אַז זי װערט מײַן געזעצלעכער אונטערטאַן.

באַלד נאָך דער כאַסענע איז מיר געגאַנגען זייער שלעכט. מיין יונג ווייב האָט געמוזט אַרבעטן, קעדיי אופצוהאַלטן דעם גלאַנץ פון אונזער פּריש אויסגעמעבלט קעניגרייך, אין די בראָנקס, פאַר וועלכן מיר האָבן געצאָלט זעקס און צוואַנציק דאָלאַר אַ כוידעש דירע-געלט.

איך אליין בין אַרומגעגאַנגען ליידיק, האָב געשפּילט אין קאָרטן און—געהערשט איבער מיין פרוי, אכטונג געגעבן אַף איר מאָראַל, און געזען אָנצוהאַלטן דעם קאָוועד פון מיין פאָטער-שטול, וועלכער האָט זיך איצט אַביסל געשאָקלט.

מיין פרוי האָט רעוואָלטירט, געטאַינעט, אַז זי וויל ניט זיין פאַרשקלאַפט, און אז זי וויל פון מיר צוויי זאַכן: ברויט און פרייהייט.

מיילע, קיין ברויט האָב איך איר ניט געגעבן, ווייל איך האָב ניט געאַרבעט, האָב איך איר דערפאַר ניט געגעבן קיין פרייהייט אויך. נאָך מער: איך האָב איר באַוויזן, אַז פרייהייט איז נאָר גוט פאַר אונז, זעלבסטהערשער, אָבער ניט פאַר איר. און אַז זי האָט גענומען זיך שטעלן און טאַינען: נידער מיטן קייסער! — האָב איך גענומען אָנווענדן מאַכט. דער אופשאַנד איז אונטערדריקט געוואָרן. פון דעמאָלט אָן איז זי שטיל, שווייגנדיק, איינגעהאַלטן און איבערגעגעבן צו איר — קייסער.

איצט האָבן מיר שוין עטלעכע קינדער. זי אַרבעט נאָך אַלץ און פאַרדינט דרייסיק דאָלאַר אַ וואָך, וועלכע זי צאָלט מיר אַלס לוין, דערפאַר וואָס איך בין פריינטלעך גענוג צו הערשן איבער איר און די קינדער, זיך צו שאָקלען אַף דעם שאָקל-שטול און אַרויסצוגעבן באַפעלן, ווי אַזוי זי זאָל זיך פירן — ווען זי זאָל פיינט האָבן און וועמען ניט.

איך אַליין אַרבעט ניט. איך הערש!

איך בין דער קייסער אימפעראַטאָר שמועל פעלדמאַן, וואָס הערשט אומבאַשריינקט איבער זעקס נעפאַשעס.

וועמען איך וויל — שלאָג איך, וועמען איך וויל — שלאָג איך ניט.

מיין וואָרט איז באפעל, און אַז איך נעם אין דער האַנט דעם גראָבן סצעפּטער — ווערן די קינדער בלייך, דערשראָקן, און זיי לויפן אַוועק אין די ווינקלען.

און אַז איך גיב אַרויס אַ באַפעל: שטיל זאָל זיין! — דער קייסער וויל שלאָפן! — ווערט אַזוי שטיל, אַז סע דוכט זיך, אַז אַפילע די לופט איז אנשלאָפן געוואָרן אין שטוב.

און אַז איך גיב אַ באַפעל: שטעקשיך! — פאלן אלע קינדער אַוועק אַף די פענימער לעבן בעט און נעמען זוכן די שטעקשיך.

און אַז איך האָב אַ לייכטן קאָפ-ווייטיק, טוט זיך כיישעך! איך קרעכץ, איך זיפץ, איך טומל, איך לאָז ניט שלאָפן קיינעם. איך שריי, אז מע פאַרלאָזט מיך, איך סטראַשע, אַז מיין לאַגע איז אַ געפערלעכע, איך דערקלער, אַז מע ווייסט ניט ווי אַזוי אָפצושאַצן מיין גוטסקייט, און איך האַלט אין איין טעלעפאָנירן נאָך דאָקטוירים, פראָפעסאָרן, כירורגן, אַפטייקערס, גוטע ברידער.

און אַזוי גיך, ווי סע ווערט מיר בעסער, זעץ איך זיך ווי-דער אַוועק אַף דעם הויכן פאָטער-שטול און נעם הערשן מיט אַן אייזערנער האַנט.

און די שווערד פון דער הערשער-דינאַסטיע מאנסבל-צאָלערן הייגגט אף מיין רעכטער זייט.

און איך היט זי אָפּ.

ווייל איך קום פון אַ מישפּאָכע פון אייביקע הערשער — פון מאַנסבלען.

# וואַלקין.

.1

וואַלקין איז אַ סקולפּטאָר. ער האָט אַ שיין, פּערדיש פּאָנים, געטרייע פערדישע אויגן. אַז ער בייגט-אָן דעם קאָפּ און צעלאָזט די האָר, ווילט זיך אים אָנטון אַ זילבערן צוימל, אַרופלייגן אַף אים אַ ניי, שיין זאָטל און פאָרן אַף אים רייטנדיק.

יעדער מענטש האָט אין זיך די ענלעכקייט פון עפּעס אַ כאַיע אָדער אַ פיש. אַ טייל מענטשן זיינען ענלעך צו הינט, אַנדערע צו פוקסן, נאָך אַנדערע צו קעץ אָדער צו שלייענס. אַ טייל האָבן געמישטע אָנבליקן.

ווער ווייסט, דורך וויפל כאַיעס און באַשעפענישן דער מענטש-לעכער מין האָט זיך געלייטערט, ביז ער איז געקומען צו זיין אומנאַטירלעכער צוויפיסיקייט. נאָך היינט, ווען אַ מענטש איז מיד פון טראָגן די פאָדערשטע פיס אין דער הויך און ער לייגט זיך אַוועק אַף אלע פיר, ווערט אים דאָס לעבן גרינגער, די וועלט שענער, די פאַרדייאונג — בעסער.

ציוויליזאַציע? עפשער איז דאָס בלויז דעגענעראַציע. מיר דעגענערירן אַרוף צו אַ העכערער מאַדרייגע. איז דאָך אין דער נאַטור אַ געזעץ, אַז איין לעבעריק באַשעפעניש פרעסט ס'אַנדע-רע, קעדיי איינצושפּאָרן דער נאַטור אַרבעט. „באַשאַפט זיך אַליין; דערהאַרגעט זיך אַליין!". דאָס איז דער נישט-געשריבע-נער באַפעל. דער מענטש נאָר — איינער צווישן אַלע כאַיעס — וויל אָפדינגען באַם גרויסן וועלט-סייכל אַ שטיקל אייגענעם סייכל פאַר זיך, אַ ברעקל ווילן, ער זאָגט: איך וויל נישט זיין דאָס שפייטעפל פאַר מיין גאָטהייט. איך וויל זיך דערהעכערן.

און ער פאַרלויפט זיינע אינסטינקטן דעם וועג. אָבער ס'איז דאָך נאַריש צו זען, ווי אַ ניט-געענדיקטע ליים-סטאַטוע, מיט די קלעפּ-מעסערס אין איר „גוף", וועקט זיך אוף און נעמט אויסבע־סערן איר מאַיסטער!...

יונג איז נאָך דער מענטשלעכער מין. די וואַרעמע צייכנס פון מאַיסע בערײשיס *) זיינען נאָך אַף אונז.

„און גאָט האָט געזען, אַז ס'איז גוט". — אונזער געליימט־קייט איז זיין קויעך. אונזער ווילן צו געטלעכקייט איז אַ סי־מען, אַז דעם מאַיסטערס אויג האָט זיך אָפּגעטון פון אונז. אָבער סאָפּקאָלסאָף וועט ער זיך אומקוקן, זען, ווי מיר ראַטשקען זיך זיין קויעך צו פאַרכאַפּן, אונז געבן אַ שנעל אין נאָז, און מיר וועלן אַראָפּפאַלן.

דער מענטש וועט לעבן, ווי ס'איז אָנגעצייכנט פאַר אים, וועט פאָלגן די שטים, וואָס הייסט אים טויטן און פאַרצוקן, וועט זיין אַ טרייער קנעכט צום האַר, און בלייבן לעבן, אָדער ער וועט צום געטלעכן מאָקער זיך ציען, „ציוויליזירט" ווערן, עטיש ווערן, און אונטערגיין...

אַלצדינג, וואָס דערנעענטערט אונז צו גאָט, דערנעענטערט אונז צו זיין קינע, צו זיין אומגעדולד...

---

*) וועלט באַשאַף.

# װאלקינס קונסט.

2.

זייער װייניק אידן זיינען סקולפּטאָרן אָדער מעטאַלגיסער. דער אידישער קינסטלער האָט קיין געדולד ניט פאַר אַרבעט. ער שפּילט פידל, אָבער ער שרייבט זעלטן גרויסע קאָמפּאָזיציעס. ער שפּילט טעאַטר, אָבער ער װעבט ניט קיין קונסט-טעפּיכער. ער שרייבט סקיצן, עסקיזן און לידער, אָבער זעלטן גרויסע ביכער. ער מאָלט און פאַרבט, צייכנט מיט פעדער און קויל און ראַדיר-שטיפט, אָבער האַקן מיט דער דלאָטע, אַװעקהאַקן דאָס אומנוציקע אַרום דעם שטיין, װאו עס שלומערט אַ װענוס, דאָס איז ניט פאַר אים...

װאַלקין האָט אין זיך געהאַט עפּעס גאָיעשס, פויערשעס. ער האָט ליב געהאַט ארבעט, אַלערליי אַרבעט, גראָבן ערד, האַקן האָלץ, זעגן קלעצער. ער האָט געהאַט געדולד פון אַ ניט-קינסטלער און דעם קויעך פון אַ קינסטלער. זיין נאַטור איז געװען אַ רויע, קימאַט אָן אַ הויט אַף זיך. זיין קערפּער איז געװען שטאַרק, און װי אַ געזונט קינד האָט ער ליב געהאַט אַף זיך בלאָטע, אומריינקייט.

װאַלקין האָט געהאַט אַ װייב א שריפטשטעלערן, װעלכע ער האָט גלייכגילטיק ליב געהאַט. ס'איז געװען אַ גראָטעסקע היי-ראַט. ער האָט זי ליב געהאַט אַקוראַט געװוּנג, צו קענען זי אָפּ-שטויסן פון זיך (נאָכן צונױפקום) אָן צערעמאָניעס. מיט אַן אַנ-דערער, װאָס מע האָט מער ליב, מוז מען שפּילן טעאַטר, זי צערטלען, װען די נאַטירלעכע נייגונג איז זיך אַװעקצורוקן פון איר, אָדער איר אַ פּאַטש טון.

דער מאַן, דער פאַרשווּנדער, קען ניט מיט ליבשאַפט קוקן אַף דער, וואָס נאַרט זיינע קויכעס אויס.

אין גרויסע ליבעס דערהייבט זיך דער מאַן צו דער מאַדריי־גע פון אַ פרומען ליגנער, פון אַ ראָמאַנטישן באַטריגער.

ריינע מענער ליידן דערפון, מוטשען זיך... פלאָנטען זיך שטענדיק אין דעם אומריינעם געפיל פון „פאַרגעבן דעם סוינע״...

וואַלקין האָט ליב געזאַט זיין ווייב, ווי אַ זאַך, וואָס קומט צונויף, און שאַטן קען דאָס ניט. זי איז געווען צו נאָענט צו אים, ער זאָל זי זען — אין איר גרויסקייט. „ליזאַ״, פלעגט ער שרייען, „וויפל האַלט דער זייגער?״ „ליזע, וואָס איז היינט? — דינסטיק אָדער מיטוואָך? ליזע, וואו איז דער דלאָט?... ליזע, וואו זיינען מיינע שטעקשיך? ליזע, אַיאָ, איך האָב זייער אַ שיינעם האַלז?״

ליזע איז אים געווען ווי א הויך ווידערקאָל. וואָס ער האָט געזאָגט, האָט זי צוריקגעזאָגט העכער און לויטערער.

ליזע איז געווען אַ שריפטשטעלערן, און ווען זי וואָלט ניט געווען די ווייב פון דעם באַרימטן וואלקין, וואָלט זי אַליין גע־ווען אַ באַרימטקייט. אַזוי האָט זי זיך קלענער געמאַכט צוליב אים. אירע אַקסלען אונטערגעשטעלט, ער זאָל קענען אַרופקלע־טערן און גרויס ווערן.

אין וואָכעדיקע טעג איז וואַלקין געזעסן באַ זיך אין סטודיע, געאַרבעט און געפּאַטשט ליזען איבער די באַקן, אַף שפּאַס. אַלע מאָל געזאָגט: „ליזעטשקע, זע, ווי אונזער אַרבעט וואקסט״... און איר אַף שפּאַס א פּאַטש געטון אין די באַקן, אין די פּליי־צעס, אַף די קני.

ליזע איז געזעסן באַם העפט און געשריבן, און געלאָפן צום טעפּל, וואָס האָט זיך געקאָכט הינטערן יאַפּאַנישן ווענטל, וואָס האָט פאַרשטעלט דאָס שטיקל צימערל, וואָס איז געווען אָפּגע־טיילט פאַר א קיך; האָט געשלעפּט וואַסער פון הינטערשטן שטאָק, ווייל אויבן איז קיין וואַסערלייטונג ניט געווען; האָט באַדינט וואַלקינס געסט, וועלכע פלעגן קעסיידער אים אויסרעדן פאַר זיינע אַרבעטן, קרימען מיט די נעז, אָנרירן די „פאַרבאַטע־נע ערטער״ באַ די ווייבלעכע פיגורן און זיך כאָכמענען, אַז מער ווי דאָס קען ער ניט. אָנשפּייען, אָנרויכערן, אָפּעסן, אָפּטאַנצן און אַוועקגיין.

פרייע קינסטלער האָבן ניט קיין פליכטן. ווי זיי געפעלט, אַזוי טוען זיי. פּראָוואָוט אָבער טון באַ זיי אין סטודיע, ווי א ייך געפעלט, וועלן זיי אייך רופן „כאַזיירים"...

די וואַלקינס זיינען געווען אָרעם, האָבן ניט געהאַט קיין זין און קיין באַדערפעניש פאר געלט אָדער באַקוועמלעכקייט. ביידע האָרעפּאַשניקעס, פאַרנומען מיט „קריכן אַף דעם לייטער צום הימל", האָבן זיי ניט באַמערקט, ווי די האָר ווערן דערווייל גרוי-ער, דער געדאַנק ווערט מידער, די האַנט שווערער...

ליזע איז געווען וואַלקינס מאָדעל, ערשטנס, דערפאַר, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין געלט צו דינגען פּראָפעסיאָנעלע מאָ-דעלן, און צווייטנס, דערפאַר, ווייל די „געטנס", וואָס ער האָט געמאַכט, זיינען ניט געווען קיין גרויסע שיינקייטן. זייערע קער-פּערס זיינען געווען שווער, ערדיש, אָפּגעאַרבעט, גראָטעסק, אויסגעקרימט.

זיין פּאָעזיע איז געווען די פּאָעזיע פון וואָכעדיקייט. אַ האַנט, אַ פוס — גאָטס מאַיסטערשאַפט. אַ שיינער פוס, אַ מיעסער פוס, וואָס איז דער כילעק? שטעכט אין אים אַריין א נאָדל, גייט בלוט. גאָטס וואונדער!

ליזע זיצט אַ נאַקעטע, אָפּטמאָל אין אַן אומבאַקוועמער פּאָזע. אין סטודיע איז קיל. אַ קליין קוילן-אייוועלע שטינקט און וואַ-רעמט ניט. פונדרויסן קלינגט אַריין דאָס ווידערקאָל פון אַ ראַ-שיקער גאַס, פון טראַמוואַיען, פון פייער-לעשער, פון מענטשן, וואָס לויפן משוגענערווייס — יעדער נאָך זיין צעבערל גליק, און דער שוים שטייט אַף די ליפן, די הענט זיינען פאַרקרימט. די קניעס און עלנבויגן-שפּיצן זיינען אָנגעשלאָגן מיט טשוועקעס, מ׳זאָל כאָלילע ניט געשעדיקט ווערן אין גרויסן געדראַנג נאָך גליק.

אַמאָל פלעגט דאָס גליק אַליין קומען, אַ שטילס, אַ פאַר-שעמטס, זיך שטעלן אין אַ ווינקל, און מ׳פלעגט עס ניט הערן און ניט זען.

היינט שלעפּן מיר עס באַ די הערנער, שטופּן עס אונטער באַם עק, שלאָגן עס מיט בייטשלעך.

— מיין גליק איז שוין אַביסל אויסגעריבן. כ׳דארף שוין אַ ניי גליק!

— איז׳ס עמעס, אַז אייער גליק האָט פאַרלוירן אַ פּאָדקאָווע?
— אַן אלט גליק באַ אייך! פון וועלכן יאָר?
דאָס גליקזוכעניש איז היינט עפּעס אַזוינס! מ׳זוכט עס בע-ציבער: אין טעאַטר, אין דער אָפּערע, אין צירק, אין די וואַ-רעמבעדער..
קליין, באַשיידן, אַלטמאָדיש גליק! ווי גוט איז דיר, וואָס דו דאַרפסט די היינטיקע צייט ניט אָנקוקן!

---

# „האָגאָר“.

וואלקינס „האָגאָר“ איז געוואקסן און געוואַקסן.

וואַלקין האָט „געקלעפּט“ טאָג און נאַכט. געשלאָפן אומרואיק. געכאָלעמט פּיצלעך כאַלוימעס, וואָס האָבן געהאַט צו טון ענט־וועדער מיט די שוין-פאַרענדיקטע ליניעס פון זיין סקולפּטור, אָדער מיט דעטאַלן, וואָס ער דאַרף ערשט אויספירן.

ווי אַלע קינסטלער, איז וואַלקין געווען א פוילער. כאַדאָשים-לאַנג פלעגט ער זיך אָנפוילן. עפּעס פלעגט אין אים צעפּאַלן, יוירן, ווי אין ווייַנטרויבן, וואָס ווערן וויין. אינעווייניק איז געווען אַ זיסע זיכערקייט מיט זיך אַליין. אַ געפיל, אַז ערגעץ טיף אין זיך איז פאַראַן אַ קוואַל, וואָס לעבט שטענדיק, נאָר מע פאַרדעקט אים מיט גרויסע, גרינע בלעטער, קיינער זאָל אים ניט זען. אַ רייכקייט-געפיל, וואָס באַשטייט אין ניט-אויסגעבן די אָנגעזאַמלטע אוצרעס... ניט ציילן... ניט טראַכטן אַפילע דערפון... נאָר זאַמלען, זאַמלען, זאַמלען.

אין אַזוינע צייטן פלעג וואַלקין ליגן אויסגעצויגן אף זיין אָטאָמאַנע, רויכערן די בויכיקע ליולקע, זיך שפּילן מיטן רויך, לאָזן קליינע געדאַנקען-שאָטנס פאַרבייַציען אין זיין געמיט, זיך טאַפּן דאָס גראָבע פלייש פון זיינע ליטקעס און פון זיינע אָרעמס און האַנאָע האָבן פון זייער גוטער טעקסטור.

וואַלקין איז ניט געווען פון יענע קינסטלער, וואָס האָבן ניט קיין גלויבן אין זיך, גיבן זיך אַליין קיינמאָל ניט אף באָרג, האָבן מוירע אף א מינוט זיך אויסצולעשן, טאָמער וועלן זיי זיך ניט קענען צוריק אָנצינדן.

דאָס פייער פון אַזוינע אומזיכערע קינסטלער איז שטענדיק פאַרטונקלט. אַסאַך אַש פונויבן. עס פעלט די פרישקייט פון א נייעם, זינגענדיקן פייער. עס פעלט די פרייד פון אָנמיען זיך...

וואַלקין האָט געטראַכט אין ליניעס, אין פאָרמען. פאַרבן האָבן פאַר אים קימאַט ניט געלעבט. יעדער פאַרב האָט בא אים — אין זין — געהאַט ענטוועדער אַ טאָם, אָדער האָט זיך אויסגעדריקט אין איר פאָרם. אַזוי איז בא אים רויט געווען — רונד, ווייס—פלאַך, גרין -- לאַנג... בלאָ — ביטער, געל — זיס...

וואַלקין האָט אויסגעקליבן אַן אומדאַנקבאַרע קונסט. איז אים געפעלן צו „באַצווינגען דאָס שווערסטע".

„מאָלן מיט פאַרב", — פלעג וואַלקין זאָגן, — „איז ווי אויסנאַרן א צוקערל בא א קינד". ס'איז ניט שיין פאַר א דערוואַקסענעם מענטשן זיך צו באָרען מיט א קונסט, וואָס גיט זיך אַליין אונ-טער, וואָס שטעלט אַרויס די ווייסע פאָן, נאָך איידער מע טשע-פעט זי...

פאַרב? כע! גיט אַ קינד אַ פענזל מיט אַ קעסטל פאַרב, און ס'וועט עפּעס מאַכן. רויט, גרין, געל, ווייס? — און די ביי-פאַרבן?.. וויפל וואונדערלעכע שיינקייט ליגט אין די פאַרבן אַליין. מאַכט אַ פלעק אין גרין-און-אָראַנזש... און ס'איז א ווערק. אָבער סקולפּ-טור? — מאַכן עפּעס פון בלאָטע, פון ליים... אַרויסנאַרן א מענטשן פון א שטיין אַרויס, פאַרגליווערן א שטיק וועלט-שיינקייט אין בראָנז — עך, ניעכטשי שליאַק טראַפּאַ! (אַז וואַלקין איז געוואָרן צערודערט, האָט ער זיך געוואָרפן מיט די פּאָר גאָיִעשע ווערטער, וואָס ער האָט געדיינקט נאָך פון אוקראַינע, פונוואַנען ער איז אַוועקגעפאָרן, ווען ער איז נאָך געווען א קליין קינד).

וואַלקין איז אין זיין קונסט געווען אַן איינאויגיקער. מער ווי זיין קונסט האָט ער ניט געזען. מער ווי זיין „מעדיום" האָט פאַר אים ניט געלעבט. זיין גרויסער קויעך האט (ווי עס מאַכט זיך אַמאָל בא אַ פאַרשטעלטן שטראָם) זיך אופגעפראָכן בלויז אף איין פונקט, און דאָרטן האָט ער געראַנגלט, געשוימט, געשלאָגן מיט צעשפּריצטן ווייסן פייער...

וואַלקין איז געווען ניט קיין איד און ניט קיין גוי. זיין אויס-דרוק האָט זיך ניט אָנגעטון אין קיין שום קלייד. ער האָט ניט געזוכט צו אַנטפלעקן דעם סאָד, וואס איז ניט צום אַנטפלעקן. ער האָט נאָר געזוכט צו פאַרדיכטעווען דעם גרויסן סאָד, אים אַריינשמאָלן צו אזא פונקט, וואו ער זאָל זיך אויסשטראַלן אין א שוואַרץ-ליכטיקער שאַרפקייט...

וואַלקין האָט געלאַכט פון די אידישע קלאָג־מוטער־קינסטלער, וואָס קלאָגן זיך שטענדיק אף זייער מאַזל, ווייזן אָן אף די אַוו־לעס, וואָס די וועלט טוט זיי; ציען שטענדיק אַ פאַרגלייכעניש צווישן זיך און זייערסגלייכן באַ די גויִם; גרויסן זיך קלאָמערשט מיט זייערע ניט־דערפּאָלגן און זיינען מעקאַנע יעדן מינדסטן דער־פאָלג, אַפילע פון די האַלב־אָדער פערטל־קינסטלער; עסן זיך אוף, ווען זיי גייען פאַרביי א גאַס און מען דערקענט זיי ניט. זייער אופגעבלאָזנקייט איז ווי אַ פאַנכיר, וואָס מען לייגט זיך אונטער, קעדיי צו קענען שווימען, און מ'האָט פונדעסטוועגן מוירע זיך אַרויסצולאָזן ווייט אפּן וואַסער...

אָט די קינסטלער מוזן שטענדיק פיבערן. האָבן מוירע זיך צו דערטאַפּן אין א ניכטערער מינוט, ווען אַלץ איז ביטער און קליין... מוזן באַ זיך שטענדיק אויסנאַרן דאָס ביסל מי, אין א האַלב־שיקערקייט, ווען מ'קלערט ניט פון דעם טאַכלעס פון זאַכן, ווען עס דערשלאָגט ניט די הויזיקע אָרעמקייט, די באַשפּיגנקייט פונם שטיקל ברויט...

וואַלקין האָט איצט גערויכערט זיין ליולקע. געטראַכט פון גלאַטקייטן, פון וואַרעמע רונדן, פון עפּעס וואָס, וואָס ווערט זיך מיט האַס און גיט זיך אונטער מיט ליבשאַפט. וואַלקין האָט גע־האָט קימאַט א סעקסועלע פרייד פון דער ליים, וואָס האָט זיך אים אונטערגעגעבן, זיך געגעבן פאר א מיטל צו באַשאַפן.

ער האָט געטראַכט פון זיין „האָגאָר", וואָס וועט אויסוואַקסן אַזוי גרויס סיי אין פאַרנעם, סיי אין מאמאָשעסדיקער גרייס, אַז בלינדע וועלן זען דעם טראַגיזם פון א געפּייניקטער ליבע.

וואַלקין האט געוואָלט, אַז זיין „האָגאָר" זאָל זיין „געפּייניקט אין פלייש" — ניט אין נעשאָמע. ווייל די מענטשלעכע נעשאָמע גיט זיך בלויז דורכן לייב. „נעשאָמע אַליין איז א — — —" — האָט וואַלקין געטראַכט מיט א גראָבן וואָרט.

וואַלקינס „האָגאָר" האָט געזאָלט האָבן „צען פענימער" — ווי ער האָט עס אין זיין געבונדענער פאָשעטקייט אָנגערופן. אַ סטאַ־טוע, וואָס זאָל לעבן ניט נאָר פון איין זייט, נאָר פון אלע ווינק־לען... די געפּייניקטע זאָל זיך „מינען", באַוועגן... וויברירן...

אין זיין זוכעניש נאָך דעם עפעקט פון א „געפּייניקט לייב" פלעג וואַלקין דערגיין ביז ברוטאַלקייט. ער פלעג אָן ראַכמאָנעס

באליידיקן זיין מאָדעל — זיין ליזען... איר אָנטון ניגושים... זאָגן, אַז ער וועט זי פארטרייבן פון שטוב... און יענע, א געפּייניקטע, אַ צעבראָכענע, פלעג אים געבן דעם געזוכטן אויסדרוק...

דעמאָלט פלעג וואַלקין ווערן ווייכער, מענטשלעכער, און זי אָנהייבן גוטמוטיק צו פּאַטשן און קנייפּן איבערן נאַקעטן לייב.

ליזע פלעג אָפּלאָזן דעם „געפּייניקטן אויסדרוק", אירע אויגן פלעגן צוריק ווערן די סאַמעטענע שפּיגעלעך פון ווייכן טרויער און אומענדלעכער ליבשאַפט...

אַז וואַלקין פלעג דערזען, אַז ליזע איז „אַרויס פון טאָן", פלעג ער ווערן אומגעדולדיק. און קעדיי זי צוריק אַרופצופירן אַף די נואַנסן פון פיין און באליידיקונג, וואָס ער האָט אזוי נייטיק באַדאַרפט פאר זיין ווערק, פלעג וואַלקין אַרויסלאָזן א גראָב אוק-ראַיניש זידל-וואָרט און עס באַגלייטן מיט:

— קורווע!

---

# וואלקין.

וואלקינס האָגאָר איז אָפּגעגאָסן אין גיפּס און זי איז אַ צוויי מאָל די גרייס פון אַ לעבעדיקן מענטשן. אַז וואלקין האָט גע-שפּאָלטן און צעשטערט ס׳געטריקנטע ליים, נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעגאָסן דעם פורעם, האָט ליזע געהאַט דאָס געפיל, אַז דאָס צעשטערט מען זי — דאָס צעבּרעכט מען איר לייבּ. דאָסזעלבּע געפיל האָט ליזע געהאַט אין אָנהייב פון דער אַרבּעט, ווען וואל-קין האָט אויסגעפונען, אַז זיין אַרמאַטורע האַלט ניט קיין גלייכ-געוויכט, און ער האָט מיט אַ פינגער געמאַכט לעכער אין האַלז און לעבּן די אויגן, קעדיי אַריינצושטופּן מער ליים, און יעדעס מאָל, ווען ער האָט דאָס געטון, האָט ליזע אַרויסגעלאָזט אַ געשריי פון ווייטיק.

וואלקין האָט איצט געדרויכערט אַ קאַלטע ליולקע, ווייל ער האָט זיך געפוילט אופצוהייבּן פון בּעט און אָנשטאָפּן טאַבּאַק. זיינע אויגן זיינען געווען אף דער סטעליע, און אין זיין מויעך איז געווען געדאַנקעלעך, גלאַטע און רואיקע, ווי בּוימל. ער האָט געהאַט אף די אויגן דעם סופיט מיט דעם אַלטמאָדישן גאַז-היינג-לייכטער, מיט די געדרייטע מעשענע רערן, ווי פון אַ מעשענעם בּלאָז-אינסטרומענט. אָבּער דאָס אלצדינג איז געווען גרינג, ווייל סע האָט געמיינט עפּעס אַנדערש. סע האָט געמיינט: „אָ, דו, מיין גאָלדענער טרומפּייט! בּאַלד וועסטו ארויסרופן מיין זיג“. אָ, דו, שווערע סטעליע — מיר ווייסן, אַז איבּער דיר איז אַ גרויס-גרויסער הימל און אין הימל גייען אוף שטערן...

וואלקין האָט פאמעלעך אופגעהויבּן אַ האַנט, אָנגעשטייפּט די מוסקולן פון אָרעם, זיך אַ טאַפּ געטון אַף דעם אָנגעשפּאַנטן אָרט און געטראכט „וואָס איז היינט? דינסטיק! ס׳איז גוט צו לעבּן דינסטיק!

די לופט אין סטודיע איז געווען ניט אַזוי פריש. ס׳האָט גע-שמעקט מיט אַלטע ווענט, מיט פינצטערע ווינקלען, מיט ברען-גאַז, וואָס שפּאַרט ערגעץ אַרויס פון אַ קליינער עפענונג, אָבער ס׳איז געווען דער גערוך פון מי, פון אַרבעט, פון ערלעכער קונסט, און וואלקינס נאָזלעכער האָבן דאָס געטרונקען, ווי ווייַן.

אַף דער סטעליע איז געשטאַנען אַ וואַנץ, געזוכט, אַפּאָנים, זיך אַראָפּצואווארפן אקוראט אף וואלקינס בעט (וואלקין האָט אריינגעשטעלט אַלע פיר פיס פונם בעט אין שיסעלעך וואַסער, קעדיי זיך צו באוואָרענען פאר דער אומפלייט), זיך געשאַרט צום מיטן-צו, געגאַנגען פּאַוואָלי, פּאַוואָלי, ווי די האָפענונג בא איינעם, בא ועמען דאָס לעבן רינט אויס דורך אן אופגעעפנטן אָדער...

וואלקין איז געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון דער נאַטור און פון דער נאַטורס קליינע באַשעפענישן און ווידמונגען און פלאַנצן. שאָען-לאַנג פלעג ער (אַפן לאַנד) אָפּזיצן באַ אַ פלויט, וואו אַן אַרבוז האָט זיך אריבערגעווארפן צו דער זון-צו און זיך באַפעסטיקט מיט אזעלכע קליינע פעדימלעך, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזן פון זיך. פאר וואלקינען איז דאָס געווען אַ גרעסע-רער אינטערעס, ווי לייענען ביכלעך אָדער גיין אין מוזייאומס. דאָ האָט ער געזען די וואונדער פון אַ פלאַנץ, וואָס שיצט איר לעבן מיט אַזאַ טיפן סייכל, אַז די אייגענע מענטשלעכע כאָכמע זעט אויס טעמפּ און פריקרע. אַן אנדערש מאָל פלעגט וואלקין (ווען ער איז געזעסן אַפן דאָרף דורך די זומער-כאַדאָשים) זיך אַרומשלעפן איבער פּארוואָרפענע ערטער, זיך באקענען מיט די קליינע פעלד- און וואַלד-כאיעלעך, מיט די פייגל, מיט די פליגן, מיט די אַרומבלאָנדזשענדיקע הינט און אַפילע מיט די מייז...

וואלקין קוקט ווייט ארום זיך. די שטילקייט זינגט מיט זשו-מיקייט און מיט קליינע ברעקלעך ווינט! ווי גוט די שטילקייט איז דאָ, ניט ווי אין שטאָט. דאָ איז די שטילקייט אַן אַלטע, אָנגעוואקסן מיט דער אייביקייטס ווייכן מאָך. ער טראַכט: שטימען זיינען פאראַן בלויז עטלעכע, אָבער שטילקייטן זיינען פאראַן אַזויפיל. און יעדע שטילקייט איז פון אַן אנדערן מין, פון אַן אַנדערער קוואליטעט. פאראַן שטילקייטן, וואָס שרייען, וואָס רופן, וואָס וואָרענען, וואָס בעטן, וואָס געזעגענען זיך... און פאראַן

אויך אַזוינע, וואָס זיינען ווי היילונג, ווי אַ טרייסט, וואָס טראַכטן פאַר אייך, האָפן פאַר אייך, און לאָזן אייך אליין פינקלדיק ליי-דיק, ווי אַ ווייס-גרינלעכער גלאָזבעכער קעגן דער זון...

וואלקין האָט ליב געהאַט צו זיצן געמיטלעך און לאָזן די וועלט פאַרבייציען פאַר זיך. און זיין אויג האָט געהאַט אַ זיקאָרן פאַר זיך אַליין — ער האָט אַלצדינג פאַרצייכנט און גערעכנט מיטן אויג.

וואלקין ליגט מיט דער בלעכענער געקעסטלטער סטעליע אף זיין בליק. קיינער איז נישטאָ אין שטוב. ליזע איז אוועקגעגאַנ-גען אַרבעטן אין שאַפּ, צו העלפן פאַרדינען אַ שטיקל ברויט (אים האָט זי בעשומויפן ניט געוואָלט לאָזן אַרבעטן — כאָטש ער האָט זיך געריסן דערצו). ס'איז ארום פינף דער זייגער. דורכן דאַך-פענצטער לאָזט זיך אריין אַביסל קויטיקלעכע זון. אינדרויסן רעדט זיך צונויף קאָל מיט קאָל—און אין טומל פארשטייט איינער דעם אנדערן ניט... אַהערצו דערגרייכט עפּעס אַ שטילקייט, וואָס איז דורכגעזיפּט געוואָרן דורך אַ צעריסענער זיפּ...

וואלקין טראַכט פון דער מילכאָמע. טראַכט דריי מאָל: „פאַר-ברענט זאָלן זיי ווערן. פאַרברענט זאָלן זיי ווערן. פאַרברענט זאָלן זיי ווערן". ער טראַכט פון דער גרויסער לאַנגווייל, וואָס פרעסט אוף דעם מענטשנס לעבן, אזוי אַז אפילע דער טויט איז אַ שטיקל צייט-פאַרטרייב. ער טראַכט פון די ציוויליזירטע „קריגער", וואָס האַרגענען מענטשן און עסן אַפילע ניט אוף זייער פלייש. זיי וואָלטן באַדאַרפט פרעסן זייער פלייש—ווי קאַניבאַלן — טראַכט וואלקין, וואָלט געווען אנשטענדיקער. וואָלט כאָטש געווען דער-ביי אַ שטיקל טאַכלעס, אַ נוצלעכקייט—פאַרברענט זאָלן זיי ווערן!

וואלקינס אויגן זיינען אף דער וואנט, וואָס מאַטערט זיך נעבעך צו דערגרייכן איר ציל, און ער פורעמט (אין קליינע, אָפּגעריסענע שטיקלעך) געדאנקען וועגן דעם גרויסן ביבלישן פּאַראַדאָקס: „דו זאָלסט קיינמאָל און קיינעם ניט הארגענען... און ווער סע האַרגעט יאָ — דער זאָל געהארגעט ווערן"...

וואלקין טראַכט: די וועלט איז שיין, ס'איז יוני. אף די פעל-דער ווערט צייטיק דאָס ברויט, דער ווייַן, די אוגערקע. וואונדער בליען אומעטום. אָט האָט ער פאַרענדיקט די ערשטע העלפט פון זיין גרויס מאַיסטערווערק. זומער-דינסטיק. שטייען דען די

מענטשן אין די גאַסן מיט אופגעהויבענע הענט צום הימל און פּאַטשן בראַוואָ? ניין, זיי זיצן אינם טעאַטער, וואו סע שפּילט זיך דער גרויסער ספּעקטאַקל, און זעען בלויז די ווייטע פלעקן הינ־טער זייערע נעגל. און אז זיי זעען, ווי די זון גייט אוף, זאָגן זיי ניט: „וואָס פאר אַ וואונדער" און „בראַוואָ!" נאָר זיי זאָגן: „די זון איז שוין אינדרויסן, און די קאַווע איז נאָך ניט פאַרטיק"...

ס'איז מילכאָמע.

קאַיִן—העוועל זיינען ווידער די סימוואָלן פון דער וועלט-ברו־דערשאַפט...

וואלקין דערמאָנט זיך אָן דעם שטיקל נייעס, וואָס ער האָט היינט געלייענט אין אַ ניו-יאָרקער בלאַט. ס'האָט געהאַט אַ גרויסע איבערשריפט „בארבארן", און ס'האָט זיך דערציילט וועגן דעם, ווי די הונען זיינען אַרופגעקומען אין זייער אַ סובמאַרין אינמיטן יאַם און אָפּגעשטעלט „אונזערע" אַ שיף און געהייסן די מענטשן זיך ראַטעווען אין שיפלעך, זיי האָבן אַ באַפעל צו זינקען די שיף, ווייל זי פירט אַמוניציע. די מענטשן האָבן אזוי געטון. דער יאַם איז געווען זייער שטורעמדיק. די שוואכע סובמארין האָט זיך פונדעסטוועגן געהאלטן אפן וואַסער און אפילע גע־האָלפן האַלטן אָרדענונג און געזעען, אז אלע מענטשן זאָלן זיך אַריבערקלייבן אין אן אנדער שיף אריין... ווען אלע האָבן געהאט פאַרלאָזט די אַמעריקאַנישע שיף און אריבער אין סוינעס סובמא־רין, און דער סוינע איז געווען גרייט צו פייערן אף דער שיף, האָט זיך פלוצים אפן דעק באוויזן אַ פרוי מיט אַ קינד אף די הענט און גענומען שרייען מיט פארצווייפלטע קוילעס, מ'זאָל זי ראטעווען. דער יאַם האָט געקאָכט ווי אַ גענעם, אָבער דער סוינע האָט פונדעסטוועגן געהאלטן פאר זיין פליכט צו קומען צו הילף דער פרוי מיטן קינד — כאָטש די געפאר איז געווען זייער גרויס... אָבער (ענדיקט די צייטונג) דאָ האָבן אונזערע אָפּגעטון די הונען אַף טערקיש... די פרוי, וואָס האָט געשריגן נאָך הילף, איז ניט געווען קיין פרוי, נאָר אַ פארשטעלטער מאַן, און דאָס קינד איז געווען ניט קיין קינד, נאָר אַ באָמבע... און אַזוי גיך ווי די „הונען" זיינען צוגעקומען נאָענט, האָבן זיי באקומען זייער פּאָרציע. אין עטלעכע מינוט ארום זיינען זיי געווען אַ טשאַטע דערטרונקענע מייז...

---

## וואלקין טראַכט און... זוכט די ספּאַגעטי.

וואלקין לייגט איבער דעם אינצידענט אין זיין מויעך און ער שפּייט און זאָגט „פוי”, און דאָס האַרץ איז אים ביטער, נאָר אַרויסצושפּייען עס... ער זעט די פּרעסע פון לאַנד, ווי אַ מעשו-גענע קישעפמאַכערן, וואָס בלאָזט מיט אַ פּאָלע אַפן פייער, וואָס פאַרברענט אירע קינדער.

ס'ווערט טונקעלער אין סטודיע. אַף די ווענט קומען אָן נייע שטילע געסט פון ערגעץ זייער ווייט: ס'קאָצל קומט שאָטנס! פונוואַנען איז?.. און וואָס וועבט און שפּינט דאָרט די מעשוגע-געוואָרענע וועלט? וואָס איילט זי דאָרט אַזוי — די נאַרישע גרויסהאַלטערקע?

די שטילקייט ווערט דינער, דורכגעזיפּטער. די שפּער האָבן שוין אויסגעשפּיגן דאָס מענטשוואַרג — אין די טונעלן אַריין, אין די לייקעס אַריין... פונדאָרטן צערינט זיך עס איבער אַלע שטאָט-גאַסן, איבער אַלע היימען, גיט יעדן זיין טראָפּן גליק, זיין צעבערל אומגליק, זיין יאַם — טויט...

וואלקין טראַכט ברעקלעכוויס, זיין שווער-באַלאָדענער וואונש הייבט אוף דעם רוקן, ווי אַ קעמל... גלעקלעך קלינגען... דער קאַראַוואַן רירט זיך — אַפן לאַנד אַרויס, אַפן פּאַראַיאָריקן לאַנד אַרויס; אַף דער שטיל-פאַרוואָרפענער ערד אין קאָנעקטיקוט, וואו ער האָט זיין זומער אויסגעלעבט אין זאַפּטיקער קאַלטקייט: ווי די פעלדמייז, די טויבן, די שפּערבערס...

וואלקין טראכט פון יענעם גוטן שטיקל ערד און לאָזט פאַר זיך פאַרבייגן אַלע ריעגעס — שימערדיקע, פלאַטערדיקע, פילפאַר-ביקע. ער זעט זיך ווידער אַפן סטויג טוואוע — אַ גרויסע זוניקע

ליידיקייט פּאָרויס. „שעפּ", דער הונט, ליגט לעבן אים מיט אַן ארויסגעטאַלעפּעטער צונג, און מיט איין אייגל אַ פּאַרמאַכטס, דאָס אַנדערע קוקט אַף דער פליג, וואָס שטייט אים לעבן דער נאָז, און קריכט אַלץ נעענטער, צום צעיאַטערטן אָרט אין ווינקל פון דעמזועלבן אויג.

די פליג שטעלט זיך אַוועק ניט ווייט פון אויג און עסט זיך איין אין דער מאַטעריע. דער הונט איז קלוימערשט רואיק, ער רירט קאָם מיט די אויערן, מיטן אויג, מאַכט אוף און מאַכט צו דאָס אויגנדעקל. אָבער — ער וואַרט רויבגעריק אַף דער רעגע, ווען ער וועט קענען אַ מאך טון מיטן מויל „האַם" און — זי פאַרשלינגען.

וואלקין איז אַפן לאַנד — ווייט פון דער אַרבעט, וואָס מאָנט בײַ אים זיינע קויכעס, און שטעלט אים שטענדיק מיטן פּאָנים צו זיך אַליין... ער איז פריי, ער איז אויסגעטאָן, ער איז גרינג, ער איז נאַקעט...

די וואַנץ שטייט אַף איין אָרט און ווערט ווי אַ טונקל פלאַך פינטעלע. וואלקינס זיקאָרן טראָגט א לאַמטערן. זי באַלויכט די סצענע, ווי שטשערעס גאַנוועגען אַן איי פון אַ קאטוך אַרויס... ער זעט אַ גרויסן ראַץ מיט אַן אויסגעריבענער פלייצע-פעל און אַן עק ווי אַ קנוט... נישט קיין שפּעטנע קינד... אַ קעשענע־גאַנעוו! ער האַלט דאָס איי צווישן די פיסלעך און ער אַליין ליגט זיך איבערגעקערט אַפן רוקן, און כעוורע שלעפּן אים בײַם עק, דער יונג ליגט ווי אַ טויטער, די גנייווע איז אים אין די אייגעלעך, אָבער ער מאַכט זיך געפּייגערט... ליגט שטיל, ערלעך, סטאַטעטשנע... די אַרבעט גייט צו לאַנגזאַם. וואלקין שטייט אין שטאַל, קוקט אַרויס דורך אַ שפּאַרע פון די צערוקטע ווענט און איז פאַרגאַפט. ער זעט, ווי כעוורע שלעפּן דעם ראַץ קונציק אַריבער איבער אַ שטיינערנעם פּלויט, ווערן פאַרשוואונדן...

— האָבן מער סייכל פון קאַסמערן, — טראַכט וואלקין פון עפּעס אַ קינסטלער מיטן נאָמען קאַסמער... — ער גייט אַרום און שטאַרבט פון הונגער און האָט ניט קיין סייכל זיך צו לייגן אַף דער פלייצע און זיך לאָזן שלעפּן...

וואלקין איז מיד געוואָרן פון אַריבערטראַכטן זיך אין די ניט-נוציקע געוועזנקייטן... אין סטודיע איז שוין געווען טונקל.

ער האָט זיך אופגעהויבן און געמאַכט ליכטיק, אַוועק אָנעמען אַ טאָפּ מיט וואַסער אַוועקצושטעלן אַפן אויוועלע, ווייל ליזע האָט באַלד געדאַרפט אַהיימקומען. ער האָט זיך געפּאָרעט אַרום דעם ברודיקן „סינק״-קראַן אַפן הינטערשטן שטאָק, ארויסגעדליבעט מיט די הוילע הענט די אָנגעזאַמלטע שליימקייט אינם דורכזייער פונם באַסיין און האַנאָע געהאַט דערפון, וואָס ער מיעסט זיך ניט פון גאָרנישט. ער האָט זיך אָפּגעוואשן די הענט מיט אַן אַלט שווארצ-לעך שטיקל זייף, וואָס איז דאָרט געלעגן, זיך אָפּגעווישט מיט זיין טאַשנטיכל און איז, איבערהיפּנדיק אַ טרעפּ איבער אַ טרעפּ, אַרוף אויבן...

ער האָט אָנגעצונדן דאָס גאַז-אויוועלע, געטראַכט, אַז פייער איז ניט רויט, נאָר בלאָ... אַ „בלאָקייט, וואס איז רויט. אַ רויט-קייט, וואָס איז בלאָ״. האָט ער עס איבערגעזאָגט אין געדאַנק, צוגעדעקט דעם וואַסער-טאָפּ מיט אַ דעקל, געשטאַנען און צוגע-האַלטן ס׳דעקל, קעדיי ס׳זאָל זיך גיכער דערוואַרעמען און נעמען זידן... ער האָט געדאַרפט אַריינוואַרפן ספּאַגעטי, אָבער ער האָט ניט געדיינקט, וואו ליזע האָט באַהאַלטן דאָס פּעקל מיט ספּאַגעטי. האָט ער זיך געדרייט אַ ווײַלע אַרום זיך אַליין, זיך אונטערגע-פייפט עפּעס אַ לידל מיט אַ פאַלשן טאָן, באַקוקט די פאַרזשאַ-ווערטע קלינגלעך פון דעם גאָל-מעסער, וואָס ער האָט געפונען אַפן בלעך הינטערן גאַז-אויוועלע, געפּרואווט מיט יעדן באַזונדער זיך אָפּראַזירן אַ האָר פון גראָבן פינגער, צו זען צי זיי טויגן נאָך צו עפּעס און זיי סאָפּקאָלסאָף אַוועקגעלייגט דאָרט, וואו ער האָט זיי געפונען. ער האָט זיך דערמאָנט, אז זיינער אַ באַקאַנ-טער ראַזירט זיך אַלע אינדערפרי, און אז ער האָט זייער אַסאַך האָר אין די אויערן...

— זע נאָר, ס׳זידט דאָך! — האָט געזאָגט ליזע, וואָס איז ערשט אַריינגעקומען, און האָט גלייך געראַטעוועט ס׳טעפּל.

— טאַקע — האָט געזאָגט וואלקין, — וואו האָסטו אַהינגעטון די ספּאַגעטי, ליזעטשקע? און וויפל האַלט דער זייגער, ליזעטש-קע? איאָ, איך זע אויס מיד, ליזעטשקע?

ליזע האָט מיט איין האַנט געוואָרפן די ספּאַגעטי אין טאָפּ אַריין, מיט דער אַנדערער אים אַרומגענומען און אַ קוש געטון... און געזאָגט: „גאָט מיינער! וואָס פאַר אַ שלעכטע באַלעבאָסטע

דו ביסט״ !״ מע האָט געקאָנט מיינען, אַז מיט דעם וואָרט „גאָט״ מיינט זי דאָס אים — וואלקינען.

די וואַנץ איז דערווייל אַראָפּגעפאַלן גלייך אַפן בעט אַרוף. איר ציל איז געווען דערגרייכט. עמעס, ס׳האָט געקאָסט מי און קויעך, אָבער ס׳איז ווערט געווען. איצט וועט זי ערשט קענען לעבן!

---

# אינהאַלט.

זייט.

М. НАДИР
ЮМОРИСТИЧЕСКИЕ РАССКАЗЫ
Кооп. Изд-во „Культур-Лига“

פּרייז 1.30

קאָאָפּעראַטיווער פֿאַרלאַג
„קולטור-ליגע“
קיעוו — 1927

הילע נעדר. אין קיעוו. פּאל. שול באשט. 3000—1167

